# פייל און בויגן

— פון —

כאַשמאַל

רעציטאַציעס, מאָנאָלאָגן, באַלאַדן, איינאַקטערס
(שאַרזש און סאַטירע), פּאָעמעס, לידער און
לידע־לאַך

„אַ בוך צו פאַרווײַלן זיך און אַנדערע"



מיט אַן אַרײַנפירוואָרט
פון
ש. אַלמאַזאָוו
רעדאַקטאָר פון „ניילעבן"



אַרויסגעגעבן פון פּראָלעטפען
פאַרלאַג „קולטור"
799 בראָדוויי — צימער 514, ניו יאָרק

1938

# "FILE UN BOIGN"

(BOW AND ARROW)

By

CHASHMAL



799 Broadway, Room 514

New York, N. Y.

1 9 3 8

 369

# אַ פּאָר ווערטער פון מחבר

על פי שכל, על פי יושר און על פי מנהג וואָלט אַט דאָ־אָ אַף דעם פּלאַץ, באַדאַרפט אַריינגיין מיין ביאָגראַפיע און מיין פאָטאָג־ראַפיע. אַז מע דערלעבט יאָ אַזאַ נחת צו דערזען אַן אייגענעם בוך מיט האַרטע טאָוולען זאָלן דערשיינען פאַרן ווערטן פובליקום, איז פאַרוואָס טאַקע ניט? זאָל טאַקע די וועלט, הויפּטזעכלעך די אידישע וועלט, וויסן דעם יחוס און זיך באַקאַנען מיטן אויסזען פונם שרייבער — אַ גערעכטע טענה.

איך האָב באַשלאָסן אַז לא — איך וועל ניט אַריינגעבן, ניט מיין ביאָ־גראַפיע און ניט מיין פאָטאָ־גראַפיע, ווייל איך האָב אויך אַ גערעכטע טענה: אויב חלילה וחס, דער בוך געפעלט ניט אַ געוויסן סאָרט לייענער (געשמאַקן איז להבדיל ווי שקאַרפעטקעס — זייער פאַרשידן) וועט ער, דער לייענער הייסט עס, האָבן מסתמא וואָס צו זאָגן, איז צו וואָס זאָל איך אַריינשלעפּן מיין יחוס און מיין פּנים אין אַ צרה. . . . וואָס זיינען זיי שולדיק? זיי האָבן מיר דען געהייסן שרייבן?

"סייפעטי פוירסט" — זאָגט דער אַמעריקאַנער — וועט דער בוך ניט געפעלן, קאָן מיר ניט דער לייענער און איך קאָן מיר באַהאַלטן מיט זיכערקייט ערגעץ וואו אין אַ ווינקל. געפעלט יאָ דער בוך, גיי איך אַרויס פון מיין באַהעלטעניש — „האַו־דו־יו־דו, פּליז טו מיטשע!" דאָס בין איך טאַקע ער אַליין — דער מחבר פונם בוך וואָס געפעלט אייך אַזוי שטאַרק און דאַן זעץ איך זיך אַוועק מיט אים אין אַ ווינקל און דערצייל אים מיין יחוס, נאָך מיט אַ סמיטשיק, גיב אים מיין „פיקטשע" וואָס איך האָב פאַריקן זונטיק אַראָפּגענומען פון זיך און זאָל ער אַזויפיל גוט זיין און עס איינ„פריימען".

דאָס איז אָבער אַלץ גערעדט ווען איר האָט אַ רייכן אָנקל און ער גיט אַ שטאַרב אַוועק און לאָזט אייך איבער אַ גרויסע ירושה. אָנקלס האָב איך קינענאָרע אַ היפש ביסל, נאָר ניט נאָר ירושה, זיי האָבן אפילו ניט אַף קבורה־געלט, און דערצו נאָך אַז אַזאַ איינער ווי איך, געפינט זיך נאָך אין אַ קאַפּיטאַליסטיש

לאנד, וואו די רעגירונג זאָרגט ניט פאַר די שרייבער; און די הויפט זאָרג איז געלט. יאָ, טאקע, וואו נעמט מען געלט?

וועלכער קבצן האָט עס געלט? וועלכער אידישער שרייבער (מיט דער אויסנאַם פון וועלכע אַרבעטן אין געוויסע רעדאַקציעס) איז ניט קיין קבצן? וואָלט טאקע מיין מאַטעריאַל פאַרן בוך מסתמא געלעגן אין נחת און אין פריידן ערגעץ וואו אין א שופלאָד און געחלומט זיסע חלומות, געפינען זיך אָבער גוטע פריינט וואָס לאָזן ניט צורו. אָט למשל נעמט דעם גוט באַקאַנטן זינגער מאַקסים בראָדין, דאַכט זיך אַ וואוילער מענטש, נאָר מיר איז ער דערגאַנגען די יאָרן: נו, כאַשמאַל, וואָס שלאָפט איר? ער האָט זיך אַפילו אָנגעבאָטן פרייוויליק אַליין אראַנזשירן אַ קאָנצערט, מיט די בעסטע קרעפטן אַבי דער בוך זאָל גיין צום דרוק. ווען איך דערלאָז אים, וואָלט ער עס זיכער געטאָן, ווייל ער האָט שוין געהאַלטן באַם נעמען אַ זאַל.

איז אָבער אויך די אייגענע מעשה: אויב איצט אַ קאָנצערט, וואָס וועט מען מאַכן ווען דער בוך וועט שוין זיין פאַרטיק? סיידן אַ פאָלקס-דעמאָנסטראַציע, איז דאָך דערפאַר פאַראַן וויכטיקערע מיסיעס ווי למשל אַ מאַסן פּראָטעסט קעגן די פּאָגראָמען אין פוילן. נאָכאַלעמען, אַף וויפיל אידן וועט דער בוך „פייל און בויגן" מאַכן אַן אַטאַקע? העכסטנס 5 טויזנט. (עס רעדט זיך אַזוי. . . ) אָבער אין פוילן האַנדלט זיך עס וועגן גאַנצע מיליאָנען אידן. איז ווער בילכער, איך, צי להבדיל פוילן?

חבר ש. אַלמאַזאָוו נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פון „איקאָר" און רעדאַקטאָר פון „ניילעבן", האָט דאַכט זיך זעלטן ווען צייט — פאַרנומען מיט אַרבעט איבערן קאָפּ און דאָך האָט ער געפונען צייט ניט נאָר מיר אונטעריאָגן, נאָר אויך אוועקגעגעבן אַ סך פון זיין באַגרענעצטער צייט און מיט ראַט און טאַט דערמעגלעכט אַז דער בוך זאָל טאַקע אַרויסגיין. אַזאַ מענטש איז ער — ער ראָט פיינט האַלבע אַרבעט.

נו, וואָס האָב איך געקאָנט טאָן? איך האָב נעבעך געמוזט צושטימען: אַז. . . מילא נו, זאָל שוין דער בוך אַרויסגיין און

זאָלן זיך ענדיקן מײנע צרות און אפשר, װער װײסט? עס איז גאָר זײער מעגלעך אַז די אמתע צרות הױבן זיך ערשט אָן — װײ־ז מיר!

אַצינד אַ פּאָר ערנסטע װערטער: עס פּילט זיך אַ גװאַלדיקער דוחק אױף מאַטעריאַל פאַר קאָנצערטן און קלײן־קונסט אָװנטן. די מענטשן װאָס גיבן זיך אָפּ מיט דעם, זײנען מיר דערגאַנגען טאַקע אױף דער אמתן די יאָרן, איז. . . נאָט, אָט האָט איר אַ בוך און נוצט אים געזונט. פאַרגעסט אָבער ניט צװײ קלײניקע פּונקטעלעך, נעמלעך: אַרײנשיקן כאָטש עפּעס האָנאָראַר און פאַר־געסט ניט דערמאָנען דעם מחבר. מיטן לעצטן האָב איך אינזינען אײניקע אַקטיאָרן, װעלכע פאַרגעסן ניט קײן אײן װאָרט פון דער רעציטאַציע, אָבער דעם נאָמען פון מחבר פאַרגעסן זײ. ערשט װען מײן ביכל „שער און אײזן" איז דערשינען, האָט מען זיך דערװאוסט װער דער שרײבער פון „שער און אײזן" איז.

דער גרעסטער טײל מאַטעריאַל אינם בוך „פײל און בױגן" איז פריער ניט געװען אין ערגעץ װאו געדרוקט, בלױז אַ פּאָר רעציטאַ־ציעס זײנען באַקאַנט דעם עולם, אַ דאַנק די אַקטיאָרן װעלכע האָבן זיך געפּעדערט און זײ שױן אָנגעהױבן רעציטירן אײדער דער בוך איז אַרױס. איך האָב חלילה ניט קײן טענה, װײל אַ פּאָר רעצי־טאַציעס זײנען ספּעציעל געשריבן געװאָרן פאַר דעם צװעק: װי למשל; „גאַרמענט סענטער" איז געשריבן געװאָרן פאַר אל הערים. „פאַר־געניגן" אױפן פאַרלאַנג פון לײב קאַדיסאָן; „מלחמה" פאַר חבר שנײדערמאַן פון „אַרטעף". אַזױ װי אָבער ער איז פאַרנומען יעדן אָװנט אין טעאַטער, איז געקומען אונזער אַלעמענס גוט־האַקאַנטער מיכל גיבסאָן, און איז זײער זיגרײך אין דער „מלחמה".

צום שלום װיל איך אױסדריקן מײן האַרציקסטן דאַנק צו דער גרױסער צאָל חברים און פרײנט, װעלכע האָבן זיך אונטערגעאײלט מיט זײערע סובסקריפּשאָנס, און דערמעגלעכט די גיכע דערשײנונג פונם בוך „פײל און בױגן".

**כאַשמאַל.**

# ארייַנפירוואָרט

צו וואָס אַן אַרייַנפיר? דאַרף מען דען דעם אויטאָר פאָרשטעלן פאַר דעם עולם? דאַרף מען דען דערקלערן דעם בוך? איז דען נויטיק זיך דאָ פאַרנעמען מיט אַן אַנאַליז פון דעם קינסטלערישער הויך פון דעם איינגעשלאָסענעם מאַטעריאַל? איז דען דאָס ניט קיין אויפגאַבע, וואָס דאַרף איבערגעלאָזט ווערן פאַר דער קריטיק? דער ענטפער אויף די פראַגן קאָן זיין בלויז איינער: דער אַרייַנפיר דאַרף דינען ווי אַ מין שוי־פענסטער וואָס זאָגט אָן וואָס מען קאָן אין דעם בוך געפינען.

„פייל און בויגן" קאָן מען כאַראַקטעריזירן אַלס די פאַרקער־פערונג פון דעם ריטם פון דער שטאָט. עס איז דאָ דער אימפּעט און דער אָטעם־פאַרכאַפּנדער געדרענג פון גרויס־שטאָט; עס זיינען דאָ די קאָנטראַסטן — און אין דער גרויסער שטאָט זיינען זיי אַזוי בולט — צווישן אָרים און רייך; עס איז דאָ דער שאַפּ מיט זיין פאַר־צערנדיקער עקספּלואַטאַציע; עס איז דאָ די ליידי פון פּאַרק עוועניו, דער ריעל עסטייטניק, דער אַלרייטניק — דער גאַנצער משוגענער געמיש פון וואוילטאָג פון הונגער, פון פרייד און פון זאָרג, וואָס גייען זייט בא זייט אויף אַלע שטעגן און אַלע וועגן פון קאַפּיטאַליס־טישער גרויס־שטאָט.

חבר כאשמאַל איז אָבער ניט פאַרטויבט פון דעם שטאָטישן טומל; ער איז ניט דערשלאָגן פון די דונער־קראַכן פון גרויס־שטאָט. אינמיטן פון דעם גערויש הערט ער די שטימען פון מענטשן; ער הערט דאָס קלאַפּן פון הערצער: ער פילט דעם פּולס פון מיליאָנען. אין זיין „גאַרמענט פענטער" זאָגט ער: . . . . .

פּייפּעריי,

הודזשעריי,

קלאַפּעריי —

אויף אייערע אויערן מאַכן זיי פּאָגראָמען. . . . .

אין אָט דער קאַקאָפאָניע אָבער, דערשפּירט ער די ליידן פון דער מאָדעל־מיידל —

מעג אינווייניק קאָכן

און זידן דאָס בלוט,

מוז זי שמייכלען צו אַלץ

וואָס דער „באַיער" טוט. . .

ער זעט די לאַגע פון די אַרבעטער; ער פילט זייער פּיין אין דעם געיעג צו וועלכן זיי ווערן געטריבן בײַ דער אַרבעט; ער ווייסט ווי זיי שרעקן זיך צו פאַרלירן דעם דזשאַב; ער ווייסט אַף וועלכן אופן זיי קאָנען זיך באַשיצן קעגן עקספּלואַטאַציע; ער האַסט דעם שווינדל און די הויט־שינדעריי און ער מונטערט צו דער פאַרטייידיקונג פון די רעכט פון די אַרבעטער.

דער אויטאָר פון „פּייל און בויגן" איז אַ רעוואָלוציאָנערער שרייבער. צו די דערשיינונגען פון לעבן גייט ער ניט צו ווי צו כאַאָטישע, משוגענע, אומגעלומפּערטע און גאַנץ צופעליקע זאַכן נאָר ווי צו פאַקטן, וואָס קייטלען זיך, וואָס פלעכטן זיך און בינדן זיך איבער, און וואָס זיינען אַ דירעקטער פּועל יוצא פון דער עקזיסטירנדיקער אָרדנונג.

די אינטערעסן פון דעם אויטאָר זיינען פאַרשיידנאַרטיק. אין „פּייל און בויגן" איז דאָ: מלחמה, שאַפּ, לינטשעריי, האַנדל־וואַנדל, הונגער, אַרבעטסלאָזיקייט, רייכטום, שפּאַניע, סאָוועטן פאַרבאַנד, בירא־בידזשאַן און נאָך און נאָך. און אין אַלע טעמעס איז דאָ דאָס קלוגע אויג; צו אַלע טעמעס איז דאָ דער צוגאַנג פון איינעם, וואָס זעט דורך און דורך. אָפט מערקט זיך בײַ כאַשמאַלן אַ מין נאַאיווי־טעט, וואָס גרעניצט זיך מיט דער אומשולדיקייט פון אַ קינד. דאָס איז אָבער בלויז אויבן אויף. עס גייען דורך עטלעכע נאַאיווע שורות, נאָר אָט גיט שוין אַ בליאַסק אַ טרעפלעך וואָרט; אָט גיט דער אויטאָר אַ צינד' אָן מיט אַ בייסנדיקע אָנקלאַגע — ער איז נאַאיוו — עס איז בײַ אים בלויז אַן אָנשטעל אַזאַ.

דאָס וואָס איז נאָר וואָס געזאָגט געוואָרן וועגן אינהאַלט איז ביז אַ גרויסער מאָס אויך אמת וועגן חבר כאַשמאַלס פאָרמע פון שרייבן. אָפט דאַכט זיך, אַז אָט אָט פאַלט ער אריין אין טאָן פון בדחנות — ער גליטש זיך אוועק צו פּשוטע גראַמען־פלעכטעריי, נאָר איידער איר קוקט זיך אַרום, איז ער שוין גאָר אַן אַנדערער

און עם פינקלען שוין קורצע, אָפּגעטאָקטע, טרעפלעכע אָפּט בלויז איין־און צוויי־זילביקע שורות, וואָס זיינען מלא חן.

חבר כאַשמאַל האָט, אָן צווייפל, זיך אויסגעטראָטן אַן אייגנ־אַרטיקן וועג צו די הערצער פון די אידישע מאַסן. ער האָט זיין אייגענעם אופן ווי זיך אָפּצושטעלן אויף געזעלשאַפטלעכע דער־שיינונגען; ער האָט אַן אייגנאַרטיקע שפּראַך און פאָרמע; ער פילט אַ גרעניצלאָזע שנאָה צו עקספּלואַטאַציע; ער האַסט די שונאים פון דעם אַרבעטער קלאַס; ער איז אַן איבערגעגעבענער פריינד פון דעם איינציקן אַרבעטער־לאַנד; ער האָט ליב בירא־בידזשאַן, ער האַסט די אַלע, וועלכע פאַרלוימדן בירא־בידזשאַן; ער שרייבט וועגן שאָפ און וועגן אַרבעטער ניט ווי אַ פרעמדער, נאָר ווי אַן אייגענער. כאַש־מאַל איז דורך און דורך פלייש פון דעם פלייש און בלוט פון דעם בלוט פון דעם אַרבעטער און פון פאָלקס־מענטש. זיין אייגנאַרטיקער אידיש איז זאַפטיק, בויגזאַם און אָנגעפּיקעוועט מיט חן־גריבעלעך לויט דעם מוסטער פון די שענסטע מייסטערס פון אידישן וואָרט.

„פייל און בויגן״ פאַרמאָגט אַן אוצר מיט מאַטעריאַל פאַר דעקלאַמאַציעס, שפּיל און פאַרלייענונגען. „פייל און בויגן״ איז אינ־טערעסאַנט פאַר גרויס און קליין. „פייל און בויגן״ איז דערפרישנדיק און דערמונטערדיק — מען דערפילט זיך פרייליכער און שטאַרקער ווען מען דערפילט ווי עס טרעפט אין ציל כאַשמאַלס פייל און בויגן.

איך האָב געזאָגט אין אָנהויב אַז אַן אריינפיר דאַרף זיין אַ מין שויי־פענסטער, וואָס זאָל געבן אַן אָנדייטונג אַף דעם, וואָס אינעווייניק אין קראָם איז דאָ. דער שרייבער פון אַ פאָררעדע דאַרף נעמען אויף זיך די אויפגאַבע איינצולאַדן די לייענער, אַז זיי זאָלן דעם באַטרעפנדיקן בוך נעמען אין די הענט מיט צוטרוי און מיט זיכערקייט, אַז זיי וועלן אין אים געפינען אַ סך ווערטפולעס. בלויז אַזאַ און ניט קיין אַנדערע דאַרף זיין די אויפגאַבע פון אַ פאָררעדע. איך האָב אַף זיך גענומען אָט די באַשיידענע אויפגאַבע מיט דער זי־כערקייט, אַז איך קאָן רעקאָמענדירן די אידישע לייענער דעם בוך „פייל און בויגן״ אַלס אַ ווערטפולן בייטראַג צו דער פּראָלעטאַרישער אידישער ליטעראַטור אין אַמעריקע.

ש. אַלמאַזאָוו.

# מלחמה

**(רעציטאַציע)**

טראַ - טאַ - טאַ - טאַ
דעקלאַראַציע!
טראַ - טאַ - טאַ - טאַ
מאָביליזאַציע,
טראַ - טאַ - טאַ - טאַ
רעגיסטראַציע,
טראָמפּ! טראָמפּ!
רעכטס, לינקס
טאָק, טיק, טאָק, טיק
שפּאַנען פיס
הין — צוריק
יונגע קערפּערס
פול מיט גראַציע
מאַסן, ראַסן,
קאָנצענטראַציע
ראַטעווען
דאָס פאָטערלאַנד
די נאַציע - -
טראַמפּ! טראַמפּ!
אין מיטל-שול,
אין אוניווערסיטעט,
אין פעלדער, אין וועלדער
אין סי-סי-סי קעמפּס -
סע פיבערט
מיט מלחמה
מע מושטירט
מע פּאַראַדירט
מע אדרעסירט
מלחמה.
מע קליידט זיך
מע גרייט זיך
צו מלחמה
צו מלחמה.

2

שלום פרידן
שרייט פּאַרלאַמענט
שלום! פרידן!
סלאָגאַנס

אף די ווענט.
שלום! פרידן!
מע פאכעט
מיט די הענט,
סענאַטאָרן
פרעזידענט,
קלעריקאלן
ליבעראלן,
גרויסע, וואזשנע
פערסאנאַלן,
מע הערט ניט אויף
יובלען, שאלן,
ביטע אבער,
גייט באזוכט
די ארסענאלן
וועט א פחד
אייך באפאלן
ס'וועט אייך
אָנכאַפּן אַ שרעק.
אמוניציע
אָן א שיעור,
אָן אן עק.
ביקסן, שטיקעם
קוילן, פולווער
פון דער סטעליע
ביזן דעק.

— — — — — — — — —

רעכטס, לינקס
רעכטס, לינקס,
טראמפּ! טראמפּ!
גראָב זשע ברודער
איין די פיס,
די ביקס שטעל אָן
אין פינטל שיס
ניט נערוויייאיש,
רואיק, קיל
טרעפן זאַלסטו
גלייך אין ציל
וועסטו שונאים

גרייכן פיל.
„שונאים“
מענטשן פרעמדע
אומבאַקאַנט
קומען
פון א צווייטן לאנד
„שונאים“, „שונאים“
פרעג פארוואָס,
פרעג פארוועןְ!
האָסט זיי קיינמאָל
ניט געזען.
קיינמאָל דיר
קיין שלעכטס געטאָן
טראָגן בלויז
אַן אנדער פאָן.
דאָס איז איצט
א גרוים פארברעכן,
דארף מען שיסן,
דארף מען שטעכן
ראַטעווען מוזטו
נאַציאָנאַלע ערע —
אז כאפן זאָל עם
די כאָליערע.

3

זעט נאָר, זעט!
אף וואָקזאלן
נעבן באנען,
פעק און פעקלאך,
טשעמאָדאַנען
אין די טויזנטער
יונגע יאַטן
אָנגעטאָן שוין
ווי סאָלדאַטן
ס'איז א טומל,
ס'איז אַ גוואַלד,
צום שלאכט פעלד
פאָרט מען,
טאַקע תכף
טאַקע באלד

טאַקע תכף
טאַקע היינט
קומען עלטערן,
קומען פריינט
קומט א שוועסטער,
קומט א ברודער,
א געפילדער,
א גערודער,
טרערן גיסן,
טרערן פליסן —
— „פאַר געזונט
מיין ליבער חתן
בלייב געזונט
מיין ליבע כלה
יאָסל, אייבי,
דאָרע, מאלע
אלע וויינען
אלע, אלע.
שטייט דער טאַטע
ווי פארשטיינערט
און די מאַמע
כליפעט, וויינט.
די מאַמע וויינט
זי פארשטייט דען
וואָס סע מיינט?
ס'איז דאָך ברייט!
ס'איז דאָך טיף
ווי האָט מאמע
א באגריף—?
פע! פע! ניט שיין!
תשעה באָב
אינטיטן דרינען?
מע פאָרט דאָך
פאָטערלאַנד באדינען
ס'איז א שטאָלץ!
ס'איז אן ערע!
זע נאָר זע
ס'א מרה שחורה!
אפן וואונק

פון קאָמאַנדאַנטן,
א קאַפּעליע מוזיקאַנטן
הויבט אָן בלאָזן
הויבט אָן שפּילן
צו דערוואַרעמען
געפילן,
ווען די שטימונג
זיך שוין הויבן
און פאַרשטאַרקערן
דאָס גלויבן.
מוזיק אליין
איז ניט גענוג,
אונזערע הערשער
זיינען קלוג —
מיידלעך קומען
טיילן קושן
טיילן בלומען
מיט געשיקטקייט
און מיט חן
איז ווער קאָן טראַכטן
כ׳וועל ניט גיין
„אָווער דהער״
גלחים און רבנים
זיינען נאָנטע מחותנים
ווי אַ גוטער
רייכער פעטער
טיילט מען יעדן
פאַרציעס געטער —
ס׳א גרויסער גאָט
נעם צעטייל אים
שאָקלט גלח מיטן צלם,
גלעט דער רבי זיך
באָרד און פאָה,
טיילט מען יעדן אַ קמיע
„גייט זיך שלאָגן קינדער
פאַרן פאָטערלאַנד,
פאַר דער הייליקער אידייע.״

4

ניט ווייט דאָרט

פון דער באַן
בא א פענסטער
שטייט א מאַן,
שטעקט אַרויס
די ליסע קאָפּ,
אַף דער סצענע
קוקט אַראָפּ.
די סאָלדאַטן
ער באַטראַכט:
— פײַנער שטאָף
פאַרן שלאַכט,
יונגע חברה,
פרישע בלוט
אויסגעצייכנט,
זייער גוט.
זיין פנים שטראַלט,
זיין צורה קוועלט
פּראָפיטן, געלט, געלט.

— — — — — — — — —

טשוק! טשוק! טשוק!
די באַן נעמט רירן זיך
פון אָרט
און אויף די רעלסן,
אויף די שינעס דאָרט
שטייט שרה די אלמנה
אוי אַן אומגליק
א סכנה,
אויגן פול מיט שרעק
אז וויי׳ז מיר און ווינד
מיין סעמי איז אַוועק
מיין איין און איינציק
קינד!
מיין האָפנונג
מיין טרייסט
ווער ווייסט? ווער ווייסט?
דער גאנצער ארום
איז פול מיט טרויער
פון ערגעץ וואו
דערקריכט צום אויער!

פ״ל און בויגן

שרה וואָס שטייסטו?
טרערן וואָס גיסטו?
ווער ביזטו?
גיי אהיים!
גיי! גיי!
דערצאָרן ניט
די פּאָליציי.
ס'דארפן אָנקומען
פרישע רעקרוטן —
א פּאַרטיע א נייע
פון וואָקזאַל
שלעפּט זיך שרה
ווי פון א לויה.

5

טראַך! טראַך!
טאַ-ראַ-ראַך!
טוט אַ ריים זיך
אין דער הויך
איינגעוויקלט
אין פלאַמען-רויך
אַ בליץ-פליענדער
גראַנאַט
קומט צום ציל צו
אַקוראַט
אַ נאָבעלע מיסיע
האָט ער דערפילט
אַ פּאָר אַף אייביק איינגעשטילט.
ג-ר-ר-רר-!
אָט אַ צווייטער
קומט שוין אָן
אויך די זעלבע
אַרבעט טאָן
אָפּטמאָל קומען זיי
אין פּאָר
ציימנווייז
אַ גאַצער כאָר
און זיי זשומען
און זיי ברומען
איבעראַל נאָר

וואו זיי קומען —
אפן פעלד,
אפן שליאך,
נוצן זיי
קאַנאָנען שפּראך,
בר-ר-ר! -ר-ר!
ליגן אויסגעלייגט
ארמייען
אין די בלאָטיקע
טראַנשייען
אייניקע לויפן
אַנדערע גייען
מיט געפילדער
און געשרייען
און עס ריטשען
די קאַנאָנען
און עס סוויסטשען
די האַרמאַטן,
קוילן-וואַרפער
אַפּאַראַטן,
שפּייען אוים
שטיקער טויט
ווערט די ערד
באַפאַרבט
מיט רויט.
פון טראַנשייען
ארויף
פון עראָפּלאַנען
אראָפּ
א בראַנדיקער פייער
אין ווילדן גאַלאָפּ
הייזער ברענען,
קירכן ברענען
שולן ברענען
שפּייכלערם ברענען
ס'איז דעם פלאַץ
נים צו דערקענען
מע שיסט
מע מאָרדעט

מע ווייסט ניט וואו
מע ווייסט ניט ווען
ס'איז מלחמה,
ס'איז באַטאַליע
ס'איז דעם טויטס
וואַקכאַנאַליע.

אָט ליגט דאָרט איינער
מיט בלוט באַגאָסן,
באַם צווייטן אַ האַנט
איז אָפּגעשאָסן
דער קאָפּ באַם דריטן
איז אָפּגעריסן
וואו איז מיין פּוס
וויל אַ פערטער
נויטיק וויסן.
פון דעם אַ קאָפּ,
פון דעם אַ האַנט
פון דעם אַן אויער
פון דעם אַ נאָז
פון דעם געדערים
אפן גראָז,
נעמט צוזאמען
אָט די אלע
אברים גלידער
אַ גאַנצן מענטשן
האָט איר ווידער
כאַ!כאַ!כאַ!
אָט אַן איינפאל
אָט א פּלאַן
פון גלידער פארשידענע
צוזאמנגעשטעלט
א מאַן
פאר אונזערע הערשער
א פּרעזענט
פאר זייער סיסטעם
א מאָנומענט

ג-ר-ר-ר-ר!
פייערדיקע פאַנטאַנען
אייער בלייענע
לייגן עראָפּלאַנען
זעט נאָר זעט!
סעמי, שרה׳ס זון
איז אויבעט דאָ
פאַראַנען.
א פארוואונדעטער,
אין א ווינקל
וויל ער זיך
פאַרקלייבן
א טרייסט-בריוועלע
דער מאמען שרייבן.
זאָל זי פילן גוט
ביז די אַטאַקע
הויבט זיך אָן
פאראן א מינוט.
„ליבע, טייערע מאַמע,
זיי וויסן
כ׳היט מיר שטארק
מע זאָל מיר ניט
דערשיסן
זע זשע טייערע
טו עפּעס
פאַר דיין הוסט.״
און פּלוצלונג
א קויל פון ערגעץ
אריין איז
אין סעמי׳ס ברוסט
איידער ער האָט נאָך
„פון דיין סעמין״
אָנגעשריבן
און דאָס בריוול
נישט פאַרענדיקט
איז געבליבן.

6

טרא-טא-טא!

עס יאָגן זיך,
עס טראָגן זיך,
טעלעגראַפּישע
שטאַפּעטן
מיט בליץ-שנעלע
טויט-דעקרעטן
רעוועגדיק דערביי
מיט אַ שוידערלעכן
ניגון:
„מענטשן אין די טויזנטער
פאלן ווי די פליגן
נאָר נישט געזאָרגט
מ׳עט באלד פרישע
נייע קריגן
טראַ-טאַ-טאַ!
מאָביליזאַציע!
ראַטעוועט
דאָס פאַטערלאַנד
די נאציע.
טראַמפּ! טראַמפּ!
איינס, צוויי!
איינס, צוויי!
ריי נאָך ריי
ריי נאָך ריי
מאַרשירן נייע
עסקאַדראָנען
פרישע באַטאַליאָנען
ראָטע נאָך ראָטע
אַרטילעריע, קאַוואַלעריע
און פּעכאָטע
מע ברענגט, מע ברענגט
פון אומעטום,
פון איבעראַל,
מענטשן, מענטשן
קאַנאָנען מאַטעריאַל
א פיין געשעפטל
די מלחמה.
וואס מער סע שיסן
די קאַנאָנען

מער איינקונפט,
מער מיליאָנען
פאַר ספּעקוליאַנטן,
פאַבריקאַנטן
דעם מלאך-המות
אַדיוטאַנטן
וואָס ווערן רייך
פון מלחמות
דורך אַוועקשיקן
נשמות.

7

אַלץ איז גוט,
אַלץ איז פיין
א פאַרמעגן קומט אַריין
מיט א ווערך א פולן
גיט מען געלט
אַף קלויסטערס,
גיט מען געלט
אַף שולן.
מע מוז זיי האַלטן
איצט
נאָך מער טייער
נאָך מער הייליק
ווייל אין דעם
האָט גאָט
א היפּשן חלק
אין צימערן
פון האָטעלן
מיט געפאַרבטע
מאַדמאָזעלן
זיצן וואַזשנע מענער
מע מאַכט דאָרט
סטראַטעגיק פּלענער
אָט די מאָרד-באַראָנען!
ווייזן וואָס זיי קאָנען
אויפטאָן מיט איינמאָל
חוץ פאַרגרעסערן

די צאָל
פארוואונדעטע און מתים
אויך פארפאסטן
אפט תעניתים.
זיי פרעסן
זיי זויפן
פון בעסטן, שענסטן
מע פארגינט זיך
קויפן —
וויין, ווייב, געזאנג
איז אין פולן גאנג.

8

און די טראַנשייען
פול מיט בלוט,
פול מיט ווייען
דערצו נאָך:
שלעכטע עסנס
און געטראנקען
צעטרייסלען היפשלעך
די געדאנקען.
וואָס א טאָג
אלץ מער און מערער
אלעם הויבט אָן
ווערן קלערער.
דער פאטריאָטיזם
ווערט פאַרגליווערט,
ווערט פארקילט
און סצענעס
אין די צענדליקער
ווערן אָפגעשפילט
באנאכט
נאָך א שלאכט
אין דער פינסטער
קריכט איינער
צעקאַליעטשעט
די פיס,
פארוואונדעט
די הענט,

צו א צווייטן
אומגליקלעכן
איז זיין אויג
געווענדט:
עך ברודער מיינער
זאָג נאָר זאָג
צו וועלכן טייוול,
צו וועלכן קלאָג
דארפן מיר זיין דאָ
און שיסן, שיסן, שיסן.
וואָס וועל איך
און דו
פון דעם געניסן?
הא, ברודער זאָג!
יענער רירט זיך ניט
ליגט אויסגעצויגן
ער רעדט אריין
אין די טויטע אויגן.
הער נאָר ברודער מיינער
מיר געפינען
זיך שטענדיק
צווישן האמער
און קאוואדלע
און אלם באלוינונג
די עסנס — — —
עפּויש׳דיקע פּאדלע
מע פּאשעט אונז
מיט פּאטריאָטישן
גלויבן
ביז ווי לאנג
וועלן מיר לאָזן זיך
פּארפירן און בארויבן?
די ביקס געהויבן
אין דער הויך
און ער רעוועט
מיט׳ן גאנצן כח
ביז ווי לאנג, הא?
ביז ווי לאנג?

פּ ײ ל און בויגן

אַט אזעלכע פראַגעס
קייקלען זיך
פון איינעם צום צווייטן
דערצו נאָך
הויבט אָן פליען,
הויבט אָן שנייען
מיט ליפלעטס
און פאַמפלעטן
גלייך אין די
טראַנשייען.
די מלחמה-צינדער
ווערן דעמאַסקירט
סע ווערט אָנגעוויזן
אין וועמענס אינטערעסן
די מלחמה ווערט געפירט
סע צעשכרייט זיך
ווי אַ געוויטער.
ס׳ווערן אויפגעקאָכט
געמיטער.
פעלדפעבל שרייט
מיט שרעק, מיט ציטער
פונוואַנענד קומט דאָ
אומלעגאַלע ליטעראַטור?
קיינער זאָגט ניט,
קיינער ווייסט ניט
ניטאָ קיין שפור
בא סאָלדאַטן די מיילער
ווי מיט טריפּוזאַקס
פאַרשלאָסן
די אויגן פול מיט גאַל,
מיט שנאה אָנגעגאָסן
סיי פעלדפעבל,
סיי אָפיציר,
האָבן מורא איצט
געבן זיך אַ ריר
ניט איינמאָל קריגן ווי
א זעץ אַ געזונטן,
און מע טראָגט זיך אָפּ
מיט די הענט אָפּן הינטן.

פּייל און בויגן

9

אין גענעראל שטאַב
גיט מען לעצטנס
אָפּט צו וויסן
אָפּיצערסקע פּאַגאָנעס
ווערן פלינק געריסן.
דערצו נאָך
פון פילע טראַנשייען
דעזערטירט מען,
עס צעלויפן זיך
די אַרמייען.
באם גענעראל שטאַב
דאַרט דער מח.
סאָלדאַטסקע דיסציפּלין
פארשוואונדען ווי רויך
פון נאָנט און פון ווייטנס
פון פארשיידענע זייטן
פון פארשיידענע ערטער
הערט מען
מאָדנע ווערטער:
הער ברודער, סאָלדאַט
גענוג בלוט פאַרגאָסן
פאַר די רייכע —
און זייער טאַטנס מאַטן!
דרייט קעגן זיי אוים
די ביקסן
דרייט קעגן זיי אוים
די הארמאַטן
העי שנעלער, ברידער סאָלדאַטן!!

## די לעידי פון פּאַרק עווענױ
### (מאָנאָלאָג)

אוּף-ף-ף! אוּף-ף!
היים-ם-ם! היים-ם-ם.
נו, זײ א חכם,
גײ װײס!
בלויז פאַר אַ טאָג
צוריקגעקומען אין שטאָט,
נאַ דיר, גאָר נאַ —
סע ברענט און סע בראָט!
אַלעמאָל געטראַכט:
די צייטונגען
שרייבן ליגן;
אַף דער יאַכט-שיף,
קיל — אַ פאַרגעניגען!

---

העי, מאַטילדע!
אָט אַ דינסטמיידל,
זע נאָר ווי צעקראַכן?!
הער אויף זיך ווישן!
הער זיך אויף צו פאָכן!
די היץ פאַר דיר
דאַרף ניט זיין קיין פּראָבלעם,
ביזט דאָך אַלע יאָרן
צוגעוואוינט צו דעם.
אַ מענטש זאָל זיין
אַזוי פאַרדאַמט עגאָאיסטיש --
טראַכטן בלויז פון זיך:
ביי אַלע קבצנים
מערקט זיך
אָט דער שטריך.
וואָס שטייסטו? טו עפּעס!
זעסט דאָך, אַז איך שוויץ,
לאָז אָן אַ קאַלטע וואַנע,
נייץ,
גרייט צו דעם שפּריץ,
מאַך דאָס שנעל!
ווי אויף הייסע קוילן
זעסט דאָך, אַז איך זיץ!

אַך, איצט איז קיל
אַ מחיה!
כ'פּיל זיך פּשוט
אַ דערפרישטע, אַ נייע!
הערסט מאַטילדע:
כ'הויב ניט אָן פאַרשטיין
ווי מענטשן קאָנען גאָר
אָן אַ שפּריץ זיך באַגיין,
נו, געטוג שוין,
אָן עק זאָל עס נעמען,
פע,
מעגסט זיך שעמען!
אַ מענטש האַלט זיך
אין איין ווישן דעם שוויים,
איצט איז דאָך זיכער
שוין ניט אַזוי הייס...
הער אויף! גענוג!
איך האָב עס פיינט!
דערלאַנג די ציימונגען,
לאָמיר זען;
וואָס שפּילט זיך היינט?
סע נאָך פרי!
מען קאָן אַריינכאַפּן
גיין צו אַ מאַטיני.

גאָט מיינער, וואָס איז דאָס?
פון דער היץ, שרייבט מען,
פאַלן מענטשן ווי פליגן
אַ קרעכץ און באַלד
אויף אייביג אַנטשוויגן.
סע דאָך שרעקלעך!
ס'כאַפּט אָן אַזש אַ גרויל!
ס'איז מיר שלעכט, מאַטילדע
דערלאַנג עפּעס אין מויל!

—

אַ שיינעם דאַנק,
זע נאָר וואָס סע שרייבט זיך:
דער חורבן אויף די פעלדער
ווערט אַלץ גרעסער —

פּ י י ל   א ו ן   ב ו י ג ן

איך מוז אַוואַדע האָבן
אַן איידל האַרץ, מאַטילדע
עס שניידט ווי מיט אַ מעסער.
די פּאַרמערס, שרייבט מען,
ווערן איינפאַך רואינירט —
סע שוידערלעך!
מאַטילדע, מאַך אַ „קאַקטעיל״,
מיט אַ גוט ביסל שפּירט!
ניטאָ, זאָגט מען, קיין אויסזיכט
אַף אַ קילערן וועטער
מאַטילדע, כ׳ווער נערוועז.
מיין טעמפּעראַטור הויבט זיך,
אַהער דעם טערמאָמעטער!

---

גיב אַ קוק מאַטילדע.
נו, וואָס זאָגסטו:
זיך ניט געהויבן?
אָט באַלד לויף איך
און וועל דיר גלויבן!
שפּאַר מיר ניט איבער
זיי שטיל!
נעווער מאַינד טערמאָמעטער,
כ׳ווייס דאָך ווי איך פּיל.
וואַרף אים אַרויס
און אויס!

---

אָט אַ סקאַנדאַל!
זיין דאַרף מען דאָך
שטאַרקער פון אייזן!
ס׳עט ניט פעלן קיין תבואה
דאָך העכערט מען שוין די פּרייזן.
אַ שאַנד און אַ שמאַך!
מיין מאַן איז זיכער
פּאַרמישט אין דער זאַך
איך קאָן אים, מאַטילדע,
אים פעלט ניט קיין מוט.
אַזאַ האַרצלאָזער!
אַזאַ ברוט!

פ״ל און בױגן

מעג ער זיין מיין אייגענער מאַן
איכ׳ל אים זאָגן אין די אויגן:
ער איז א פולשטענדיגער טיראַן.
נישקשה, ער וועט קריגן
פון מיר אַ סוף —
אַרויפליייגן וועל איך אויף אים
אַ היפשע שטראָף
און נאָך וואָס פאַר אַ מין —
ער׳ט מיר מוזן קויפן....
קויפן. . . קויפן. . .
איך האָב עם —
אַן אימפאָרטירטן לימאָזין.



פייל און בויגן

# מיין זיידע
## (באַלאַדע)

שאַט נאָר חברה, שרייטשע ניט
און לאָזט מיר אויכעט ריידן!
איך וועל אייך אַ מעשה׳לע
דערציילן פון מיין זיידן.

איר געדענקט מיין זיידן נאָך?
זיכער ניט, דאָס וויים איך;
קליין און דאַר — אַ גרויסע באָרד,
געהייסן האָט ער פייסאַך.

ער איז געווען אַ בייזער מענטש,
מיר מוחל זיין — אַ דיבוק;
איך געדענק אים נאָך ווי איצט
מיט זיין ליולקע ציבוק.

וואָס איך פלעג נאָר וועלן טאָן
איז אים ניט געפעלן;
און געפּאָכעט אין דער לופט
מיט זיין שטאָק דעם געלן.

— זיץ ניט דאָ און שטיי ניט דאָרט,
— לויף ניט אום די גאַסן!
— ביסט אַ גרויסער — עלף יאָר
— פע, ניט שיין צו שפּאַסן.

2

איז געקומען ניינצן פינף
מיט זיין רויט געוויטער;
סע האָט מיין שטעטל פונם רעש
געגעבן אויך אַ ציטער.

שטייען מענטשן אָפן מאַרק —
גאַנצע באַטאַליאָנען;
ווי האָט זיך גענומען דאָרט
אַזוי פיל רויטע פאָנען?

אלע ווײלע אַ געשריי:
— דער צאַר זאָל גיין צום טייפל!

שריי איך אויכעט גלייך מיט זיי,
און נעם זיך צו מיין פייפל.

זעט נאַר, זעט, דער זיידע קומט
מיט זיין גראָבן שטעקן —
וואָס וועט ער אַצינדער טאָן,
וויל ער מיר דערשרעקן?

פלוצים בלייבט דער זיידע שטיין
און פאַרקנייטשט דעם שטערן;
לייגט די האַנט צום אויער צו
שטרענגט זיך אָן צו הערן.

לעבן רעדנער ווילט זיך אים
נעענטער זיך שטעלן;
קאָנטיק אַז די גאַנצע זאַך
הויבט אים אָן געפעלן.

צוביסלעך ווערט דאָס פּנים זיינס
פרייילעכער און מונטער;
— ס'איז אמת, אמת יעדעס
וואָרט —
מורמלט ער זיך אונטער.

ריידן נעמט ער ווייך צו מיר:
— נו, מיין קינד, מיין סערדצע,
— האַלט זיך אין דעם זיידן אָן,
— קום אָט דאָ אַהערצו.

איך עפן ברייט די אויגן אויף
הויב ניט אָן באַגרייפן —
זעט נאַר וואָס געוואָרן איז
פון זיין בליק זיין שטייפן!

3

געשען איז טאַקע יענעם טאָג
גאָר אַ גרויסער וואונדער;
עס האָט די מעשה דאָן פאַרכאַפּט
יעדערן באַזונדער.

מערסטע האָבן אים געקאָנט,
אָט דעם שטריינגען זיידן —
און דאָ־אָ פּלוצים, מיטאַמאָל —
ווי אַנדערש! ווי פאַרשיידן!

— קינד מיינס, זאָגט ער אַף אַ קול:
— דאַרפסט ניט מורא האָבן;
— איך וויל אויך זען פונקט ווי דו
— דעם קייסער טיף באַגראָבן.

ווערט מיר וואַרעם, פיל איך גוט,
נעם איך העכער שרייען: —
און דער זיידע גלייך מיט מיר
— דאָלאָי מיט ניקאָלאַי׳ען ! ! !



# שפּאַניע
## (רעציטאַציע)

1

גענוען אַ לאַנד
וואָס געלעגן איז
יאָרהונדערטער
אין אַ היפּנאָטישן דרימל
באַווירקט
פון קלויסטער-שימל,
געווען אַ לאַנד
פאַרכאַפּט
פון אַ רעליגיעזער מגפה,
אומטאָלעראַנץ
האָט זיך פאַרשפּרייט
ווי אַ שרפה,
אַ דאַנק
דער אגיטאַציע דער ווימטער
אָנגעפירט
פון מאָנאַכן און פּריסטער,
דאָמיניקאַנישע פאַרבאַנדן
מיט דער הילף
פון פּריצים און גראַנדן.
געווען אַ לאַנד
וואו גאָטס דינער
ווייזן ניט ארוים
קיין ברעקל רחמנות,
אידן איבערהויפּט
גיבן די גרעסטע
קרבנות.
געווען אַ לאַנד
וואו דער
סאַדיסט-דעספּעראַדאָ
די ווילדע בעסטיע
טאָמאַס טאָרקוועמאַדאָ
ווערט דער אמונה-היטער,
דער גרוים-אינקוויזיטאָר.
געווען אַ לאַנד
טרויעריק באַרימט
אַלם געבורט-פּלאַץ

פון דער אינקוויזיציע,
אומגלויביקע
וואָס מער פאַרברענען,
געווען איז
די גרעסטע אַמביציע.
געווען אַ לאַנד
וואו דער אויטאָ-דאַ־פע,
דער שייטער-הויפן
האָט זיך זעלטן פאַרלאָשן,
אין די קעלערס,
אין די פּייניגונג-קאַמערן
האָט מען מענטשן
ווי זאַנגען געדראָשן.
געווען אַ לאַנד
וואו נאָבל-לייט
מיט זייערע
איידעלע דאַמען,
האָבן ליב געהאַט קוקן
ווי ס'ווערן לעבנס
פאַרצערט אין פלאַמען,
איבערגעלאָזט הכל-בכל
און געלאָפן בייוואוינען
דעם „הייליקן" ספּעקטאַקל.
די הערשער פון לאַנד,
דאָס קעניגליכע פּאָר,
קוועלט פון נחת
איז זיך מחיה גאָר.
דעם הענקער טאָרקוועמאַדאַ
גיט מען צו מוט,
קאַטאָליציזם באָדט זיך
אין מענשלעך בלוט
איבער מיליאָנאָען לעבנס,
שאַלטער-פאַרוואַלטער —
טפוי!
שוידערלעכער, עקעלהאַפטער!
פינצטערער מיטלאַלטער!
ווי אַ היישעריק
געזוכט אַלץ צו צעפרעסן —
אַ שטימע פון ערגעץ וואו

הערט זין:
שפּאַנישע אינקוויזיציע,
מעט דיר קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן.

2

20-טער יאָרהונדערט,
שטאַרק אָפּגעבליאַקעוועט
איז קאַטוילישער גלאַנץ,
קיין כח ניט אָנצופירן
מיטן שדים-טאַנץ;
קאָן ניט מער
קיין אומגלויביקע
צום טויט פֿאַרשמייסן.
פֿון שפּאַניע
הערט מען איצט
זייער גוטע נייעסן:
די אַרבעטער באַוועגונג
פילט זיך שטאַרק
מע וואַרפט אַראָפּ
דעם קעניג פֿון קאַרק,
די מאָנאַרכיע
גיט מען אַ צעברעך
אַ צעשמעטער
סווערט אַ רעפּובליק
מיט פֿאָלקס-פֿאַרטרעטער
אַ היפּש ביסל דורכגעוועבט
מיט אַרבעטער דעפּוטאַטען.
פֿאַרדריסט עס
די פּריסטער,
די געלט-זעק,
די אַריסטאָקראַטן.
סע שטייט ניט אָן
זייער גע-פּגר-טן טאַטן.
האָלעדראַנצעס
אין דער רעגירונג
באַ איין טיש
אין איין רייע,
וואָס צו טאָן
וועלכע געזעצן,

וועלן זיי זאָגן א דעה!
אַך הייליקע מאַריע!
יעזוס קריסטוס!
וואָס פאַרשווייגסטו-ס?
וואו ביסטו-ס?
אויפגערעגט,
שוידערלעך אין כעס,
איז די כאַליאַסטרע
פון הערשנדן קלאַס.
ווילן זיך ניט באַרואיקן
כאַטש גיב זיי אַ קרענק!
טוט זיך דאָרט
אַף טיש און אַף בענק.
נייע וואלן,
ברענגען דער רעגירונג
מוטיקע חברה
ניט קיין שרעקעדיקע
האָזן,
אויב אַזוי
זאָל שפּאַניע
אונטערגיין
איידער עם דערלאָזן.

3

היטלער, מוסאָלאַיני —
שוין לאַנג
אַך אויג געוואָרפן
אַף דער שפּאַנישער
מדינה;
פאַראַן דאָרט
גוטע קוילן,
פיינע מעטאַלן
מוז מען העלפן
די שפּאַנישע נאָבל-לייט
קעגן די ראַדיקאַלן.
ס'לוינט זיך שלאָגן
פאַר אזעלכע אידעאַלן;
[illegible]
איז מען זיכער

מיט די שפּאַנישע
גענעראַלן — — — — — — — —
סעך אַ זעלטענער
פּלאַן!
מאַכן אַן אויפשטאַנד
אומגעריכט, ספּאָנטאַן.
דער געזעצלעכער
רעגירונג
דערלאַנגען אַ כמאַליע,
איינפירן פאַשיזם
ווי אין דייטשלאַנד, איטאַליע
סעט זיך פרייען
די הייליקע מאַריע
און יעזוס אַוואַדע
מעט יובלען און שאַלן
פון מאַדריד
ביז גראַנאַדע
אויב נויטיק
לעבט מען אויף
די אלטע טראַדיציע
און מע פירט איין צוריק
די אַמאָליקע
אינקוויזיציע.
עס וועט זיין אַ נחת
אַן אמת׳ר גליק
דעם קאַלענדאַר
וועט מען איבערדרייען
אַף זעקס הונדערט
יאָר צוריק.

4

שפּאַנישע אַרימשאַפט
פרייט זיך;
שפּאַנישע אָרימשאַפט
גרייט זיך!
אָט באַלד,
נאָך אָביסל
עטוואָס שפּעטער —
אין דער רעגירונג
די פאַרטרעטער,

שאַפֿן וועלן זיי
גערזעצן נייע,
פֿון שפּאַניע מאַכן
אַ לאַנד אַ פֿרייע.
אָרימשאַפֿט
וועט מער ניט הונגערן.
עסן וועט זיין צו זאַט
נאָר וואָס איז דאָס?
שאָט נאָר שאַט!
הערצער נעמען
שטאַרקער קלאַפּן,
מויל און אויגן
ברייט צעעפֿנט
זוכן, ווילן
כאַפּן לופֿט,
עפּעס טומלט
עפּעס רופֿט;
ס'ווערט קלאָרער
ס'ווערט דייטלעכער:
אוי-פ-ש-ט-א-נ-ד!
מיליטער רעוואָלטירט
פֿאַרנעמט דערפֿער
שטעט
מאַרשירט, אַדוועַנסירט
מיט דער גאַנצער
אַמוניציע אין באַזיץ
מיט גענעראַל פֿראַנקאָ
אין דער שפּיץ.
באַלד, שוין, אָט, אָט
אין מאַדריד.
פֿרייען זיך
פּריסטער, געלד-זעק
אַריסטאָקראַטן
מלא שמחה.
לענדלאָרד, פֿאַבריקאַנט
קיין צווייפֿל,
דער זיג איז
אַף דער האַנט;
סעט ניט זיין קיין שטער.

די רעגירונג
האָט די מאַסן
אָבער ניט קיין מיליטער
נאַקעט, הויל
כמעט ווי אָן געווער.
כע! כע!
פראַנקאָ הייסט
צו דער ברייטער וועלט
טעלעגראַפירן
מע מעג שוין
זאָגט ער
א מזל טוב דערלאַנגען
מע מעג אים,
זאָגט ער,
גראַטולירן,
שיקן בלומען,
שרייען הוראַ!
מאַכן א וויוואַט
מאַדריד ליגט שוין
בא אים אין קעשענע
כמעט,
יאָ כ־מ־ע־ט. . . . . .
נאָר שאַט, נאָר שאַט!
וואָס איז דאָס?
פראַנקאָס פרצוף
נעמט זיך קרימען,
עס דערהערן זיך
מעכטיקע שטימען,
געשרייען אין אַלע גאַסן
פון שפּאַנישער אָרימשאַפט,
פון די שפּאַנישע מאַסן,
כעס און צאָרן
א ברויזנדער וואולקאַן,
צוויי ווערטער
דונערן:
נאָ פּאַסאַראַן!
נאָ פּאַסאַראַן!
איר פאַרשטייט
צי ניין?

פראַנקאָ, זאָגן זיי,
וועט קיין מאַדריד
ניט גיין
מעט קעמפן
מיט נעגל און מיט ציין.
וואָס מאַכן קאָנען!
מאָמענטאַל פאַרמירט מען
היפּשע באַטאַליאָנען
קאָטשערעס, לאָפּעטעס,
אַלטע ביקסן
אין די הענט,
און אָט ווערן
אַרום מאַדריד
קאַלאָסאַלע ווענט.

5

פראַנקאָ נעבעך,
שטאַרק פאַרמאַטערט
סאָלדאַטן, אַמוניציע
אין א שיעור צע-פּטר-ט
יעזוס איז אַן עדות,
ער טוט אַלץ —
זיינע עראָפּלאַנען
האָבן פייער-בליי
געגאָסן
פרויען, קינדער,
אַלטע לייט —
טויזנטער צעשאָסן
מיט ווילדער פאַרצווייפלונג
טאָג ווי נאַכט
אַטאַקע נאָך אַטאַקע
מאַדריד אָבער נעמען?
אַ מכה!
אין שטאָט גופא
ניט קיין שפּאַן.
איר הערט דאָך:
נאָ פּאַסאַראַן!
נאָ פּאַסאַראַן!

— — — — — — — — —

פראַנקאָס היטער,

פראַנקאָם באַשיצער,
היטלער, מוסאָליני
די צוויי נאָבעלע ריטער
טוען אַלץ
וואָס נאָר מעגלעך.
סאָלדאַטן, אַמוניציע
שיקן זיי אריין
טאָג טעגלעך.
די פרומע
ענגלישע טאָרים,
גיבן שטילערהייט
זייער ברכה:
שלאָג זיך
פראַנקאָ סערדצע,
שלאָג זיך
און האָב הצלחה

— — — — — — — — —

סאָוועטן פאַרבאַנד,
ס׳לאַנד פון אַרבעטער
און פויערים,
פון קאָמוניסטן, ראַדיקאַלן —
קאָן זי שפּאַניע
לאָזן פאַלן?
זי קאָן ניט
און וועט ניט,
זי טומלט ניט
און רעדט ניט.
דורך אַלע אָקעאַנען —
שיפן מיט שפּייז,
אַמוניציע עראָפּלאַנען.
הילף
פאַר די שפּאַנישע מאַסן
פאַר די שפּאַנישע
לאָיאַליסטן.
פון אַלע עקן וועלט —
ליבעראַלן, ראַדיקאַלן,
אַנטי-פאַשיסטן
קומען אליין
ניט געלאַדן

ראַטעווען
די שפּאַנישע קאַמעראַדן
שלאָגן זיך
זייט באַ זייט
קלאָר:
עס איז ניט
קיין לאָקאַלער שטרייט —
ליכט קעגן פינסטערניש,
דעמאָקראַטיע
קעגן פאַשיזם.
פון נאָנט און ווייט,
אַ מעכטיקע
אַלוועלטלעכע שטימע
דונערט און שרייט:
מיר פאַרגעסן ניט
די שפּאַנישע אינקוויזיציע
טאָרקוועמאַדאַן
מיט זיין אייניקל
פראַנקאָ,
דעם שענדלעכן פאַרעטער
דעם וויסטן שאַרלאַטאַן!
מיר שווערן:
נאָ פּאַסאַראַן!
נאָ פּאַסאַראַן!



## נאַדיר אַ וועטער

(צו לייענען מיט איין אָטעם)

און דער הימעל
איז פאַרכמאַרעט
און די לופט איז
צעפּאַרעט,

און עס ציטערן
די גראָזן.
און דער ווינט איז
אָנגעבלאָזן,

און די ערד
שמוציג, קויטיק,
ווער, צום טייפל
דאַרפ׳ס נויטיק?

אָט־אָ רעגנט,
אָט־אָ מראַקעט,
די קאַץ אין דרויסן,
זיצט און מיאַקעט.

דער פּושקאַרט־פּעדלער
באַ זיין וועגל,
קריצט די ציין
און בייסט די נעגל.

אין די גריבער,
אין די לעכער,
ווערט דאָס וואַסער
גרעסער, העכער.

קוים עס שלעפּט זיך
דער בריפנטרעגער,
און ער חלום׳ט
פון געלעגער.

דאָרט איז וואַרעם,
דאָרט איז טרוקן,
דאָ אין גאַס
אַ שרעק צו קוקן.

און דער טאָג איז
באַלד פאַרגאַנגען,
שאָקלען טרויעריק
זיך די זאַנגען.

ביז׳ן גאַרטל
טיף אין וואַסער,
שטייט דער פאַרמער,
דאָרט אַ נאַסער.

און עס הערט ניט
אויף צו גיסן,
נעמט דער ענין
אים פאַרדריסן.

און ער זאָגט צום גאָט
אינ׳ם הימל:

ס׳איז אַ שאַנדע
ווי עס קאַפּעט,
וואַי אין די העל,
דאָנט יו סטאַפּיט? ! ! !



## פאַר-געניגן
### (אַ זונטיקדיקע מעשה אין גראַמען)

אַטאַ-אַטאַ, אַ-טאַ-טאַ-טאַ
אַטאַמאַבילן,
מיט געפּילדער און געברילן
אַף אַלע וועגן,
אַף אַלע שטעגן,
גייען אָפּ, קומען אַנטקעגן,
אַלערליי קאָלירן,
מאַרשירן, פּאַראַדירן —
אַלץ אַף דער וועלט
גרייט צו פירן,
איר דאַרפט זיי נאָר
באַשטעלן,
גרויסע, קליינע
פאַרשידענע מאָדעלן
נאָר פאַרגעסט ניט
„הער פּראָפעסאָר"
אַ טשעקל אָנצוגרייטן
קעש איז אַוואַדע
בעסער,
יעס סער! !
פּעקאַרד, קרייזלער,
שעווראָליי, לאַסאַל,
מיט גרויסע אויגן צוויי
גיבן זיי אַ וואונק:
פאַראַן עפּעס געלט?
אויב יאָ, קריכט אַריין
און רייזט אַרום די וועלט,
קיין עסן בעטן מיר ניט
בלויז אַ דרייפאַכן טרונק
מיט וואַסער, געזאָלין
און אויל,
פאַרשטאָפּט איר אונז
דאָס מויל,
יא וואויל!

— — — — — — — — —

אַטאַ-אַטאַ-אַ-טאַ-טאַ-טאַ
אַטאַמאַבילן,

זייערע סירענעס
אַף אייערע נערוועז שפּילן,
זיי רייצן דעם אַפּעטיט
און פאַרוואָס דען ניט?
מע טראַכט דען
מיט דער קעשענע?
ליגט דער ווילן דען אין טאַש?
וויל ער געבן אָפּט אַ נאַש
סע דען זיין דאגה,
ווען און וואו?
לאָזט ער טאַקע ניט צורו,
ער מאַטערט אייך,
ער פּאַטערט אייך
ער מוטשעשט אייך
און קוואַטערט אייך,
ער ציפּעט אייך,
ער ריפּעט אייך
ער טרייסלט אייך,
און שניפּעט אייך,
ער באַדערט אָן אַן עק,
אַ שרעק.
האָט דען שכל דער שוטה,
האָט אפּנים קיין מח ניט!
אים דאַכט זיך,
אויב דער באָס האָט
פאַרוואָס איר אויך ניט?

2

באַקאַנט זיך, דאָס איז ווילי
קוקט אים אָן!
אַ פאַרזאָרגטער, אַ פאַרטראַכטער,
גוטע פּלענער שטענדיק מאַכט ער.
ער האָט אַ ציל —
ער וויל. . . . .
וואָס זשע וויל ער, וואָס זשע?
אַ קלייניקייט!
ווילי וויל אַן אַטאָמאָביל
ניט פאַר זיך אַליין בלויז —
חלילה!

הויפטזעכטלעך פאַר זיי —
פאַר ווייב און שוויגער
און קינדער צוויי.
הערט אַן איינפאַל!
דער באָס, זאָגט ער, האָט,
דער מענעדזשער האָט,
אַ מאַשין פאַר יעדן טאָג אין וואָך
און אין גאַראַדזש
האָט מען נאָך
פאַר שבת, יום־טוב ספעציעל
אַזוינס ווי אַזעלכעס!
לויפן ווי טייוואָלים,
בליציק־שנעל.
— — — — — — — — —
ווילי איז יונג
אַ פאָר און דרייסיק,
אַרבעט שווער, זייער פלייסיק
וואָס טוט ער?
וויפל פאַרדינט ער?
אַ בוכהאַלטער אין אַ שאַפּ.
דאַכט זיך גוט, האַ?
שכירות אָבער זייער קנאַפּ.
פון נאַטור,
אַ גוטינקער, אַ שטילער,
אַן עקשן אָבער
אַ „גוד־טיים" דער פאַמיליע
געבן וויל ער.
כאָטש איינמאָל אַ זונטיק,
איינגעשפאַרט איז ער,
כאָטש שים אים אַ קויל.
אָבער גיי מאַך,
מע לעבט פון האַנט אין מויל.
טראַכט אַהין, טראַכט אַהער,
נישט גוט,
דער באָס וויל ניט געבן מער
אָט אַ טיראַן!
נאָר שאַ.
ווילי'ס ווייבל מערי האָט אַ פּלאַן:
די קינדער אונטערגעוואַקסן

הערי אַכט, טאָבי נייִן,
זיי קאָנען מיט דער באָבן זיין.
מערי באַשליסט צוריק אין שאָפּ
אריין.
איצט וועלן ארבעטן
אָנשטאָט צען, צוואַנציק פינגער
ווי ניט ווי די לאַנגע וועט ווערן גרינ
גער
מסתמא! אוואַדע! ווי דען!
צוואַנציק, זאָגט איר דאָך
איז מער ווי צען.
3
שאַט, שאַט חברה,
זאָל זיין שטיל!
מזל טוב! מזל טוב!
שוין דאָ אַן אָטאָמאָביל
ביליק, סע קאָסט ניט טייער
ש-ש-ש-, זאָגט ניט אוים
סע ניט קיין נייער.
נו איז וואָס?
פאַראַנען א מאָטאָר?
פיר רעדער האָט ער?
און פאָרן קען ער?
איז ווי זאָגט דאָרט יענער
ס'אָלרייט, גוט און שיין,
סע ניט קיין פערד
מע קוקט ניט אין די ציין.

---

ווילי דער הויפּט מחותן,
ממש ער שווימט.
פילט זיך וואַזשנע
יום-טוב-דיק געשטימט.
איין קליניקיים!
דעם מח געדאַרט
יאָרן געוואַרט
צו א מאַשין זיך דערלאַנגען
ווען ער שעמט זיך ניט
אַ טענצל וואָלט ער געגאַנגען.
שעמט ער זיך אָבער

נעמט ער הערי׳ן און טאָבי׳ן
צו זיך אויפן שויס:
קינדער, זייט פריילעך
היינט פאָרן מיר אויס,
די באָבע אינמיטן
איר פוןביידע זייטן
די מאַמע און איך —
פונקט ווי בא לייטן.
איך וועל זיצן באַם רעדל
ווי אַ קעניג אפן טראָן,
מירן פאָרן קיין פעטערסאָן,
עליזאַבעט, בעיאָן
מירן פאָרן אַהער,
מירן פאָרן אַהין,
מע קאָן זיך פאַרגינען
סע דאָ אַ מאַשין!
האַ, שוויגער, וואָס זאָגט איר?
סעט זיין חי — געלעבט!
ווילי איז גליקלעך
אין די הימלען ער שוועבט.

4

פונדרויסן הערט זיך
אַ טומל, אַ גערודער,
אַ גאַסט, ס׳קאָצל קומט —
ווילי׳ס עלטערער ברודער
זיין ברייטע אידענע
און קינדערלעך דריי.
הער אַ מעשה:
ווילי פאָרט אַרויס היינט
ווי לאָזט מען עם פאַרביי?
נאָר אָט עפנט זיך די טיר
ווידער געסט —
מערי׳ס שוועסטער
שרה די אלמנה
און ווי אַלעמאָל
צוזאַמען מיט איר
אלע קינדערלעך
קינענאָרע פיר
און וועמען יאַק וועמען

זיי מוז מען דאָך
אוואַדע נעמען.
אומדערוואַרטעטע
פּראָספּעריטי
דורך פענסטער,
דורך טירן
קומען פּאַסאַזשירן,
פאָרן האָבן געזאָלט
פינף אין אָטאָמאָביל
און איצט
אדאַנק השם יתברך
דריי מאָל אַזויפיל
אַלע וועגן
פירן איצט אַהער
ווער מען וואַרטן,
קאָנען אָנקומען נאָך מער
דאַרף מען אַריינפּאַקן
די פּאַסאַזשירן
וואָס גיכער
און היידאַ אַוועק
אַ סוף, אַן עק.

רעדן איז גרינג
אָבער גיי דאָס טאָן,
די אמת'ע חתונה
הויבט זיך ערשט אָן:
ווילי פּלאַנירט,
מושטירט, דיריגירט —
דאָ אַוועקזעצן דעם ערשטן,
דאָ דעם צווייטן, דעם דריטן,
דעם אין ווינקל
א פערטן אינמיטן.
טויג עס אָבער ניט
איז נאָכאַמאָל געביטן.
די פיס! אוי די פיס!
אַז מען פאָרט אין מאַשין
צו וואָס דאַרף מען פיס?
אָן זיי וואָלט געווען
אַ האַלבע צרה,

זיינען זיי אָבער דאָ
אזוי פיל קינענאָרע
לאַנגע פים, קורצע פים
גראָבע פים
און בקיצור
ס׳האָט גענומען
ארום אַ שטונדע געוויס
דעם אהער, דעם אהין
ביז פאַמעשטשעט זיי
אַלע אין מאַשין.
ווילי איז שטאָלץ, צופרידן,
אַלע שוין באַזעסן.
כאַ-כאַ-כאַ
און זיך אליין
האָט ער גאָר פארגעסן
פאַר צרות אַלע לאַכן
ער, דער באַלעבאָס,
דער הויפט מחותן,
זאָל אויסן בלייבן
און ווער וועט טרייבן?
כאַ-כאַ-כאַ, כי-כי-כי
איז נאָך אַ קינד אף אַ קני
און נאָך א שטופּ
נאָך אַ דריק
ווילי איז באַם רעדל
מיט מזל און גליק.

5

אָ־טאָ-טאָ-טאָ
ווילי טרייבט ּפאַמעלעך,
וויל ניט ריזיקירן,
דאון-טאַון, אינמיטן שטאָט
און . . . 15 פאַסאַזשירן
אזוי ווי
אַ שטייג מיט הינער,
דערצו נאָך
אַן אָנפאַנגער, אַ גרינער
טאָמער אַ קלאַפּ,
טאָמער אַ שטויס.
און דאָ איז זונטיק,

דער „טרעפיק“ איז גרויס.
ווילי יאָגט זיך ניט —
וואָס איז דער געאײַל?
פאָרט ער פער שטונדע,
פיר, פינף מייל
האַלט איין דעם אָטאָ
האָט אפּנים מורא
טאָמער פאַלט ער
דערווייל אָבער
דעם טרעפיק
פאַרהאַלט ער.
ס'ווערט לעבעדיק —
פון די אָטאָס פונהינטן
זיי לייגן איין וועלטן,
זיי זידלען און שעלטן.
העי — דו ישיבה בחור,
גרינער, כניאָקל,
„קאָם אָן“
גיב זיך אַ שאָקל!
וואָס קריכסטו!
סאַנדעי דרייווער,
וואָס נעמסטו אַרויס
דאָס חיות?
מיט וואָס טרייבסטו
דעם מאַשין,
מיט שמן־זית?
גיב זיך אַ ריר!
וואָס טוסטו,
לערנסט משניות?
לאָז פאָרן,
טרעט אָפּ אָן אַ זייט!
און אָט הערט זיך
ווי אַ צווייטער שרייט:
העי דו, וואָלקאָלאַק!
דײַן מאַשין גייט דען,
זי קריכט דאָך ווי אַ ראַק!
וואָלסט באַדאַרפט
פאַר דײַן מאַשין
קאַסטער־אויל קויפן,

אָ, באַי!
דאַן וועט זי שוין לויפֿן!
אַנדערע,
גראַביאַנעס, סאַדיסטן,
רייצן זיך מיט ווילי׳ן
גלאַט אַזוי־אומיסטן:
— העי, דו פֿאַרדינער,
גרויסער גביר!
אפשר האָסטו ניט גענוג?
אפשר פֿעלט דיר א פּאָסאַזשיר?
האָסטעך פֿלאַץ א סך!
אַפֿן אינדזשין, אַפֿן דאַך.
נעם נאָך אַביסל
נעם, נעם
יו גאַד דעם. . . .
ווילי פֿאַרשטשעמעט די ציין
ער זוכט זיך קאָנטראָלירן
נאָר אָט נעמען
די אייגענע פּראָטעסטירן;
פֿון זיינע אייגענע פּאַסאַזשירן
זיין שוועגערין
אייבים אידענע,
זיצט,
גאָרניט קיין צופֿרידענע,
בורטשעט:
אייבי! אייבי!
כ׳וועך צעקוועטשט
פֿונאויבן, פֿונאונטן,
פֿון אַלע ביידע זייטן,
אייבי, כ׳וועל דאָך ווערן
א קאַליקע באַצייטנס
כ׳פֿיל שוין ניט
קיין פֿוס, קיין פּלייצע!
סע ברעכט מיר יעדער אבר,
אייבי, סעט מיר טרייבן
יונגערהייד אין קבר.
וואָלט ער כאָטש
דיין ברודער, דער קריכער
זיך א שאָקל געטאָן,

פאָרן אביסל גיכער.
וואָס פאַר א מאַשין איז עס?
האָט פרישטשעס אַף די פּיאַטעס,
צו גלאַט רומאַטעס?
ביז מעט ערגעץ צוקומען
וועט מען ארײַנפאָרן אין ווינטער.
אייבי ענטפערט ניט
פון דערפאַרונג ווייסט ער,
אַז שוויגן איז געזינטער.

— — — — — — — — — —

שרה די אלמנה
אויך ניט רואיק,
דער פּנים באַמאַנטלט
מיט אַ זויערע מינע.
קירעוועט זיך, שנירעוועט זיך
הויבט זיך ווי אַ שפּרונזינע
אַרויף, אַראָפּ
אַהין, אַהער —
שווייגן קאָן זי ניט מער.
נו, איז וואָס, זאָגט זי,
איז די מאַשין ניט קיין נייע
דעריבער דאַרף מען קריכן
איך מיין עפּעס —
מע פאָרט דען צו אַ לויה?
ווילין פאַרדריסט עס
נו, דאַרף מען ניט זיין
שטאַרקער פון אייזן?
וואַרט נאָר וואַרט, טראַכט ער,
איך וועל אייך שוין ווייזן!
לאָמיר פון שטאָט אַרויס
זאָל דער טרעפּיק ווערן קלענער
נישקשה
זינגען וועט איר
בא מיר דאָן
אַנדערע טענער.

6

האַרלעם, בראָנקס
178-טע גאַס,
וואשינגטאָן בריק

קיין סך מאַשינען
ניטאָ איצט
גוט, פייַן און אַנטיק
גענוג געקראָכן
פינף מייל אַ שעה
אַן עק, אַ סוף
ווילי קוועטשט עפּעס
די מאַשין כאַפּט זיך אויף
הויפּט אָן פליען
או-ווא, אָ האָ
פּערציק, פופציק
מייל אַ שעה.
דער ווייזער אין ספּידאָמעטער,
ווייזט זעכציק באַלד
די פּאַסאַזשירן ליאַרעמען,
אַ טומל, אַ געוואַלד:
מיין קאָפּ, מיינע זייטן!
מיינע קני!
ווילי יאָגט די מאַשין
פלי, ברודערקע, פלי!
זעכציק ציינט דער ווייזער
בוימער, גערטנער, הייזער
ווי אַ שטורם ווינט
לויפן פאַרביי
נאָר פּלוצלונג —
אַ הוזשעריי, אַ פייפעריי
אוי אַ בראָך!
אַ „טרעפיק-פּאָליסמאַן"
לויפט זיי נאָך.

— — — — — — — — — —

אַ גוטער פּאָליסמאַן
די לייסנס ניט צוגענומען
אַלעמענס קעשענעס אָבער
אויסגעליידיקט ביז אַ סענט.
אויסקרענקען זאָל ער עס
ס'זאָל אים אָפּדאַרן די הענט
מורמלען די פרויען
די מענער קריצן מיט די ציין
אַ באַנדיט, אַ כאָלערניק,

א טרפה׳נער ביין!

— — — — — — — — — — —

אפן האַרצן איז שווער
פאָרן ווייטער
ווילט זיך ניט מער
דעם חשק פאַרלאָרן
נו, גוט.
אַהיים צוריק
וועט מען פאָרן
נעמט ווילי זיך שרעקן
קיין געז
וועט ניט קלעקן.
ווילי איז אַ בוכהאַלטער
קאָן אויסרעכענען
נאָך גרעסערע זאַכן
ער האָט אַ פּלאַן
„שאָרט קאַטס“
וועט ער מאַכן
אַ פיינער געדאַנק:
ער טראַכט ניט לאַנג
אָנשטאָט פאָרן גלייך
פאָרט ער נאַסקאָז;
ווילי איז אָבער
אַ מזל׳דיקער האָז
פאַרקריכט ער
אין א געגנט
מיט טשוועקעס און גלאָז.
פלוצלונג באַץ!
דריי „טייערס“ מיטאַמאָל
געקראַגן די פּלאַץ.

7

וואָס דער סוף איז געווען
ניט שווער צו פאַרשטיין:
מיט געפּלאַצטע „טייערס“
אַ מאַשין קאָן ניט גיין
סאַ פאַרפאַלענע זאַך!
מאָדנע.
כאָטש דער געגנט
אַ פאַרוואָרפענער,

אַ פאַרלאָזענער שליאַך.
דער טומל אָבער
האָט צוגעצויגן
מענטשן א סך
פונוואניד געקומען?
פונוואניד זיך גענומען?
ווער ווייסט?
פון דאָ, פון דאָרט
פון די געסלעך און יענע.
און זען זעט מען
שוין איינמאָל א סצענע
א בילד
פון אומבאַשרייבלעכן פיין!
בא אַ צעפּאָרענע מאַשין
שטייען זעקס גרויסע
און קינדערלעך ניין;
די דערוואַקסענע אין טרויער
די קינדער אין געוויין
ס׳האָט געקאָנט רירן אַ שטיין.
א ספּאָנטאַנע געלט זאַמלונג
איז געוואָרן געמאַכט.
די מאַשין איז אוועק שלאָפן
אין א גאַראַדזש איבער נאַכט
און די סאָבוויי האָט די 15
דאַון־טאַון געבראַכט.

— — — — — — — — — —

אַלע האָבן געשוויגן
חוץ אייבים אידענע.
פון כעס ממש געברענט,
געטרייסלט האָבן זיך
בא איר פּים און הענט.
געוויינט און געכליפּעט
— וואַרט אייבי, וואַרט
לאָמיר נאָר קומען אהיים,
אייבי׳ס פּנים
בלייך ווי די ליים
ער קאָן זיין ווייב,
דעריבער זייער צעטראָגן.

— — — — — — — — — —

פייל און בויגן

איר קאָנט זיך שוין פאָרשטעלן!
מע דאַרף אייך ניט זאָגן
וואָס דער אָרימער אייבי
האָט אין דער היים געקראָגן. . . .
צו דער גליקלעכער יאַזדע
כאַפּט ער אַ צוגאָב
א שיינע מתנה . . . .
הערט איר:
סע נאָך א נס
וואָס שרה איז אן אלמנה! . . .



# קינדער דערציאונג

באַלד ווי איך האָב אָנגעהויבן
זיך שטעלן צעביסלעך
אַף די דאַרע פיסלעך
האָט מען מיר — אַ יאָר אַלט דאַן
אין דער אַרבעט גענומען.
אויב איך וועל
קיין פיינער „מענטש, ניט זיין,
וועלן שרעטעלעך
אין רויטע יאַקלעך,
און פעך־שוואַרצע
וואָלקעלאַקאַלעך,
באַנאַכט מיר ווערגן
קומען.

2

האָב איך
נעכט גאַנצע
שלאָפן ניט געקענט,
שרעקלעך, וואָלקעלאַקאַלעך
געזען אַרום די ווענט —
אָט קומען זיי ——
גאַנצע משפחות!
געוואָרפן האָט׳ם מיר
ווי אין קדחת.

3

אַוועק אַ צוויי יאָר
און אפשר דריי,
אונטערגעקומען
עפּעס ניי:
די מעשה מיט שטן,
אשמדאי —
קעניג פון רוחות און שדים.
פאַרשידענע געשיכטעס,
מעשות, רכילות
וועגן דעם טייפל
און זיין ווייבל לילית
ווי זיי מאַכן קונצן
אפן בוידעם.
אַזוי האָב איך געלעבט

אין פחד, אין שרעק
ביז איך בין ענדלאך
אין חדר אוועק.

4

חוץ ברכה
און אלף בית זאָגן,
אַ שפּאָגל נייע וועלט
האָב איך דאָרט געקראָגען
(יענע וועלט)
קינדער האָבן געהאַט
אַזוי פיל צו דערציילן,
וועגן גרויסן שור-הבור —
פיר הונדערט איילן.
ניטאָ דאָרט קיין שרעטעלעך.
שדים, וואָלקאָלאַקן
וועלכע זוכן מיר אַף דער וועלט
שטענדיק צו פּאַקן.
ס'איז אַרויף אַף מיר פּשוט
אַ הויט אַ נייע,
דעם אָטעם דאָרט
וועט מען אָפּכאַפּן,
ס'וועט זיין אַ מחיה!

5

געוועזן א בריה מיין רבי,
אַף מאַטערן יענעם: —
שוידערלאַכע מעשות
דערציילט פון גיהנום.

בין איך באַם סידור
ניט געזעסן איינגעבויגן,
האָב איך אַף אַ מינוט
אַוועקגענומען די אויגן
ניט נאָר געכאַפּט
האָב איך באַלד אַ מפּלה,
אויך געסטראַשעט מיר
אַז אַף יענער וועלט
וועט מען קאָכן מיר
אין זודיקער סמאָלע.
שטיקער פון מיר שניידן

מיט א חלף א שאַרפן,
פון איין עק וועלט
צו דער צווייטער,
וועט מען מיר
שליידערן, וואַרפן.
כ׳אָ-מיר פשוט דאָס לעבן
גענומען פאַרשעלטן:
כאָטש אַזוי יונג
און שוין —
קאַפּוט מיטביידע וועלטן.
(קיין דריטע ניטאָ)

6

מע טאָר ניט פייפן,
מע טאָר ניט זינגען,
מע טאָר ניט שטיפן,
מע טאָר ניט שפּרינגען.

אַ יונג צען יאָר אַלט ,
קיין קונצן טאָר ניט מאַכן,
מע טאָר זיך ניט שפּילן ,
ניט שפּאַסן, ניט לאַכן.

דאַרף היטן דאָס דאַווענען,
און תהילים זאָגן;
אַפן חורבן בית-המקדש,
רק וויינען און קלאָגן.

אַ בראָך האָט אונז געטראָפן,
דאַרף מען זיך וויקן אין טרויער;
אַזוי פלעגט דער רבי לערנען,
רייסנדיק דעם אויער.

דורך קלעפּ און סטוסאַקעס
טאָג אַזוי ווי נאַכט ,
ווי איר זעט — האָט דער חדר,
א לייט פון מיר געמאַכט.

איצט אַז איך וויל לאַכן ,
דאַרפט איר נתפּעל ניט ווערן,
ווען אַנשטאָט א געלעכטער
באַווייזן זיך טרערן.

# אין שטאָט אריין
## (רעציטאַציע)

אַלע קרעכצן!
אַלע לעכצן,
אַלע שמאַכטן
אַלע טראַכטן.
מע פאַנטאַזירט,
מע קאָקעטירט,
מע פּרעטענדירט,
מע דעבאַדירט
אַלע האָבן נאָר
איין ווילן
אַ פאַרלאַנג
אַ שטילן,
און מע זוכט
מיט אַלע כחות
וואָס שנעלער
אים דערפילן.
יונגע, אַלטע
פרויען, מענער,
עמי הארצים,
גרויסע קענער
שאַרלאַטאַנעס,
וואַנדאַלן,
בעלי-מלאכות
פּראָפעסיאָנאַלן
פאַרמערס
פּראָווינציאַלן
אָפּיצערן
גענעראַלן
אַטעאיסטן
קלעריקאַלן
אַלע האָבן
איין פאַרלאַנג:
אַ שטאַרקן
אַ קאָלאָסאַלן
מע שלאָפט ניט
דורך די נעכט,
מע ברעכט די קעפּ
דורך די טעג

ווי געפינט מען
אַ וועג
זיך דערלאַנגען
אין דער גרויסער
שטאָט,
ווערן א בירגער,
ווערן א תושב
אין דער גרויסער
שטאָט.
אין — דער —
גרויסער — שטאָט.

2

דאָס מיידל
פון אַ ווילעדזש
פון אַ דערפל
פון אַ שטעטל
ליגט זיך
אפן בעטל
זי כליפעט
אין דער שטיל
ווי דערגרייכט מען
אָט דעם ציל
אַלע זאָגן
זי איז שיין
אַ פיגור
מלא חן
וויי! וויי! וויי
ווען זי קאָן
דערלאַנגען זיך
צו בראָדוויי
מע וואָלט דאָך
פשוט איר
פאַרצוקערט.
זי פאַרמאַכט
די אויגן
פון געדאנק
ווערט זי
אַזש פאַר׳שיכור׳ט
מע דערציילט דאָך

פון דער שטאָט
נסים ונפלאות:
אך,
ווי זי וואָלט נאָר
האָבן אַף הוצאות
זי שטעלט
זיך פאָר.
אין זעקס מאָנאַטן
העכסטנס אַ יאָר
קלינגט מיט איר
די גאַנצע מדינה
זי איז דער
גרעסטער סטאַר
זי שטייט אַף
דער בינע
אַלע אויגן
זענען אַף איר
געצילט
און זי שפּילט
אין קאָמעדיעס
און דראַמעס
ראָלן פון טעכטער
און יונגע מאַמעס
אָפּגעשפּילט
די פּראָזע
שטעלט זי זיך
אין אַ העלדישער
פּאָזע
און זינגט!
איך בין
איך בין
איך בין, איך בין, איך בין
ווייסט איר ווער איך בין
וועל איך אייך באַלד זאָגן:
זאָג זשע, זאָג זשע, זאָג זשע
זאָג
איך בין דער גרעסטער סטאַר
כבוד און טויזנטער
קריג איך דערפאַר

אַלע בוקן זיך פאַר מיר
קנעכט און האַר. . . .

פּלוצים גיט זיך
אַן עפן די טיר
די מאַמע אין נאַכטהעמד
לופט אַריין צו איר,
ציפּע סערע,
וואָס פאַר אַ קלאָגן
איז דאָ בײַ דיר?
וואָס גוואַלדעוועסטו?
וואָס טומלסטו
וואָס ליאַרעמסטו
אינמיטן נאַכט?
האָסט אויפגעוועקט
דער בייבי
לינען און אייבי'ן
זאָל ווערן שטיל
זאָל ווערן
מע זאָל פון דיר
קיין דוך ניט הערן
רואיק זאָלסטו ליגן
דער טאַטע וועט אין כעס ווערן
וועסטו פעטש קריגן
ווײַ'ז מיר! ווינד איז מיר
איצט האָב איך
ווידער אַן אַרבעט
דער בייבי פאַרוויגן.

3

אין שטאָט,
ווער וויל דאָס ניט זײַן
אין דער גרויסער שטאָט?
אין פּאַריז,
אין מאָסקווע,
אין לאָנדאָן,
אין ניו יאָרק!
אַך, ניו יאָרק!
פיפט-עוועניו
גרענד קאָנקאָרס

פאַרק עוועניו
ריווערסייד דרייוו
הונדערט שטאָקיקע
געביידעס
מיליאָנען דאָלערדיקע
טעאַטערן
דאַרפסט זיך
דערלאַנגען בלויז
אַהין
און קאָנסט
באַרימט
דאָרטן ווערן
צווישן
די בראָדווייער שטערן
צווישן
די פינאַנסירן
מיליאָנערן
איז וואָס איז דאָ
צו טראַכטן,
וואָס איז דאָ
צו קלערן
איז געלאָפן
איז געפלויגן
פייל אויסן
בויגן
מיט ליידיקע
הענט
אָן אַ סענט
מע דערשלעפּט זיך
צו דער גרויסער
שטאָט
און נישטאָ
אויף איינצוצאָלן
פאַרן ערשטן
מאָנאַט רענט.
ווער טראַכט איצט
פון וואוינען
אין רייכע האָטעלן,
מע איז צופרידן

פייל און בויגן

מע וואָלט שוין וועלן
וואו ניט וואו
אַוועקלייגן דעם קאָפּ
האָבן אַביסל רו
דאַון טאַון
איסט סייד
אַ טאַפּ-פלאָר
אַ קעלער
אַבי גיכער
אַבי שנעלער
זיך אויסרוען
די ביינער
אַלע זענען דאָ
פרעמד
צו העלפן
איז נישטאָ קיינער.
כאָטש נעם
און פאַרוואַרף
אַף די באַנטעם
די ציינער.

4

דאַון-טאַון
איסט סייד
זענט איר אָפּ
אַ שטיקל צייט
און אייער קאָפּ
און אייער געדאנק
קומט פאָר א בייט
פון אייערע
נעכטיקע פאַנטאַזיעס
איז דאָס וואָס
איר זעט
זייער ווייט
זייער ווייט.
איר קוקט, באַטראַכט
טאָג אַזוי ווי
נאַכט
מענטשן גייען אום
פאַרמאָרעטע,

פאַרשמאַכט
מיט פנימער
פאַר-צרה-טע
פאַרזאָרגטע
פאַרכמורעטע,
הערצער פאַרביטערטע,
נערוועז דערשיטערטע,
ליפּן, פאַרטריקנטע
באַקן, פאַרכליאַנעטע
ווי בלומען פאַרוויאַנעטע
מיט רוקנס געבויגענע
אויגן פאַרצויגענע
וואָס טוט זיך דאָ?
איז׳ס אפן וואַר
צו איז׳ס אַ חלום
נאָר געלאָפן
געפלויגן
וואַ-או
אָט ליגט שוין דאָרט
איינער
אף דער ערד אויסגעצויגן
אַ מאַשין
האָט אים פאַרטיק געמאַכט
און איידער דו האָסט
צייט
געבן אַ טראַכט
זעסטו אַן אַנדער דערשיינונג:
אַ מאַן פאַר זיינע אויגן
שפּרינגט אַרונטער
פון דאַך
זיין קערפּער ווערט
אף שטיקלאַך
צעקראַכט
דאָס האָט ער אַליין
זיך פאַרטיק געמאַכט.
אָט איז דער גן-עדן
נאָך וועלכן מע בענקט
אָט דאָס איז די שטאָט
וועגן וועלכער מען דענקט

וואו אַלע רייסן זיך
אַלע פלייסן זיך
אַלע יאָגן זיך
אַלע שלאָגן זיך
מע וועט איבערלאָזן
דאָס ווייב
מיט איין העמד אפן לייב
אַבי זיין אין דער גרויסער
שטאָט.

5

אוי ווייִ'ז מיר, אוי!
אוי! אוי! אוי! אוי!
שלעפּט זיך אַן אידענע
גאַנץ פרי
האָט אַסטמאַ
און אַ קורצן אָטעם
דערצו.
שלעפּט זיך
מיט אַ בעסקעט
אַף די שטיגן.
זיך דערשלעפּן
צום פיפטן פלאָר
איז שוין גאָרניט
קיין פאַרגעניגן
אוי ווייִ'ז מיר, אוי!
ערשט צוויי פלאָר
אָפּגעגאַנגען
צום טאָפּ פלאָר
שווער, זייער שווער
זיך צו דערלאַנגען
אוי ווייִ'ז מיר, אוי!
קאָן דעם אָטעם
ניט כאַפּן,
זי קאָן מער ניט גיין,
זי מוז כטאָפּן
און סע דאַכט זיך
סע וועט גאָרניט נעמען
קיין סוף
ביז זי וועט זיך

דערשלעפּן אַרויף
צו אירע פּאַלאַצן
כאַ-כאַ-כאַ!
אַף ראָקפעלער
געזאָגט געוואָרן
וואָלט ער זיך שוין האָבן
צו קראַצן.
אַ פּאַלאַץ, אַ פּאַלאַץ!
אַ וואוינונג
מיט חדרים׳לאך,
שמאָלינקע
ווי קברים-לאך
אַ בעטל, אַ טישל
און אַ ראָקינג טשער
ווילסטו זיך אויסדרייען
איז פּשוט שוין שווער
פון דער ענגשאַפט אַליין
כאַפּט אָן אַזש
אַ שרעק,
אריינקומען
אין דער וואוינונג
אפּן טאָפּ-פלאָר
אין די בעק.
ווילסטו דורכן פענסטער
קוקן אין דרויסן
זעסטו אַ סלופּ
אַ גרויסן.
קוקסטו אין יאַרד
אַנשטאָט
בלומען און רויזן
גיט דיר אַ שמייס
אין פּנים
פון דער וועש-ליין
אַ פּאָר הויזן.

אָט דאָס איז
אַ שטיקל בילד
פון דער גרויסער
שטאָט

וואוהין אַלע פליען
וואוהין אַלע ציען
וואוהין אַלע לויפן
גרייט פאַר'משכנ'ען
אַלץ פאַרקויפן
אַבי זיין
אין דער גרויסער
שטאָט.
דאָס וואָס
איך האָב דערציילט
און דאָס וואָס
איך האָב געזאָגט
איז אַפילו ניט
קיין הונדערט חלק
וואָס די שטאָט
פאַרמאָגט.
איך וויל אָבער זיין ערלאך
צו מיר
און צו מיין געוויסן
איך וויל ניט
די גרויסע שטאָט
אין אייערע אויגן
פאַרמיאוסן
אויב יעדער איינער
וועט זיך צעלויפן
אין אַ קליין
דערפל
אין ווילעדזש
אַ שטילן
טאָ פאַר וועמען
וועל איך
טעאַטער
דאָ שפּילן?
האָ?



# דער ווייסער געבאָט

איך בין אַ ווייסער,
זויבערער דזשענטעלמען,
געבוירן אין אַטלאַנטאַ
דזשאָרדזשיאַ סטייט.

פון סאַמע קינדהייט
האָט מיר מיין מאַמע
שטענדיק געלערנט;
געדענקזשע מיין זון:

מיר זעמיר ווייסע
פון קאָפּ ביז די פּיאַטעס
אַ קליינינקער אויסנאַם,
זיינען די האָר.

איידער מיר זעמיר,
געבוירן געוואָרן
האָט מען אין הימל
געזייפט אונזער הויט.

געשטאַנען מלאכים,
געשאָבן, געריבן,
אַרויסקומען זאָלן מיר
ווייס ווי דער שניי.

מיר זעמיר, קינדמיינס,
זעמל-מעל ריינע,
אַ צאַצקעדיק נשמה׳לע
געפינט זיך באַ אונז.

פאַר יאָרן און יאָרן
אין לויטערן בוימל,
האָט עס געווייקט זיך —
דאָס איז אַ פאַקט.

דערפאַר אַז מיר ווייסע,
געשיקט פונם הימל,
קומען דאָ אַרונטער
מוז שיינען די זון.

פּ ײ ל  א י ן  ב ו י ג ן

באַ חיות און עופות —
אַ שמחה, אַ גדולה
זיי קומען אַנטקעגן:
„עסט אונזער פלייש“.

דעריבער מיין אוצר
זאָלסטו געדענקען:
דו ביסט אַ ווייסער
און ווייס איז ניט שוואַרץ.

דער גרויסער באַשעפער,
אַ הערשער, אַ ווייסער,
האָט אויכעט ווי מיר דאָ,
די נעגערס ניט ליב.

ער וואַרפט זיי אַרונטער,
מיט הויט אַ באַשמירטע
צו זיין אַ באַדינער
מאַכט עס ניט אוים.

וויל ער דער נעגער־הונט,
גאָרניט באַגרייפן, —
ווילט זיך אים פרייהייט,
ווילט זיך אים רעכט.

איז דאָס, פאַרשטייט זיך,
אַ סכנה אַ גרויסע,
פאַר אונזער קולטור דאָ,
פאַר אונזער באַזיץ.

אַפילו זיין פריסטער, —
אַליין אויך אַ נעגער,
דערקלערט אים דעם ענין,
אי געטלאָך, אי קלאָר:

„נעגערל, ליבינקער,
דו ביסט געבוירן
באַדינען די ווייסע —
וואָס קאָן מען דען טאָן?

פייל און בויגן

מאַך זשע קיין שטיק ניט,
בויג איין דעם נאַקן,
נעם אָן מיט שמחה
אַלעס פאַר ליב.

מיט דער עולם הבאָ
ביסטו דאָך זיכער,
און אין גן-עדן ——
— דעם סאַמע אויבנאָן.

איז ער דאָך אָבער
— אַן עקשן דער שוואַרצער,
הערט ער און גלויבט ניט ——
אַ חיה אַזאַ! ! ! !

יענע וועלט איז אים
נאָך ווייניק, דעם כלב,
ער וויל דוקאָ דאָ אַ
צעשפּרייטן זיך ברייט.

ער וואַגט אונז צו זאָגן:
באַגלייך מיט די ווייסע
איז ער באַרעכטיקט ——
אַ חוצפה, אַזאַ! ! !

דאַרף מען וואָס אָפּטער
אים שמייסן און לינטשן,
וועט ער שוין ווייסן
זיין ריכטיקן אָרט.

גוט איז אויך פייער
פאַר נעגערשע פעלן —
פייער ברענט אויסעט
דעם זינדער׳ס רעוואָלט.

טאָ זאָל זשע זיך שפּרייטן
ווי כוואַליעס אין ימים
די ציוויליזאַציע
פון ווייסן קאָליר.

פייל און בויגן

די זויבערע, הייליקע,
דזשענטל-פאַרוואָרצלטע,
אָרדנונג פון ווייסן,
שטריינגן באַפעל.

— — — — — — — — —

בין איך מיר, הייסט עס
אַ זויבערער דזשענטלמאַן,
פאָלג איך איצט אויסעט
דער מאַמעס געבאָט.



# דער קמץ-אלף-אָלרייטניק

זאָג-זשע, תכשיט, זאָג-זשע גיכער:
קמץ אלף — אָ!
ווילסטו זיין אַ גוטער בירגער —
זאָג אויף אַלעס יאָ.
פּרואוו די וועלט ניט איבערמאַכן,
לאָז׳ם גיין ווי ס׳גייט.
נעם דיין גאַנצן פּאַק חלומות
אויפ׳ן ווינט צעשפּרייט.

זאָג-זשע ממזר, זאָג-זשע העכער:
פּתח גימל — גאַ!
אויב דו פּאָרסט צו אַ קאָנווענשאָן,
שריי-זשע דאָרט הוראַ!
היט זיך אויס פון פּראָטעסטירן,
בלייבסט סיי-ווי אַ נאַר,
אַזוי קענסטו אַ דזשאָב דאָרט קריגן
און זיין דער סעקרעטאַר.

נו, געדיינק-זשע וואָס איך זאָג דיר:
צירה אַלף — איי!
זעסטו עולות פון די גרויסע,
מאַך ניט קיין געשריי.
האָב אין דר׳ערד דעם גאַנצן יושר
מיט דעם אידעאַל,
ווערן וועסטו גיך אַן עושר,
האָבן געלט אַ שלל.

איצטער לערן עפּעס אַנדערש:
סגל גימל — גע!
וואָס ס׳איז ניט אַמעריקאַניש
זאָגן זאָלסטו פע! ! !
עס באַצאָלט זיך, גוטער ברודער,
זיין אַ פּאַטריאָט;
ווער קען וויסן, קענסט נאָך ווערן
מעיאָר פון דער שטאָט.

איצטער לערנען מיר אין סידור:
מלופים בית — בו!

גרינדעט זיך אַ קאָרפּאָריישאָן,
שטיי צו איר באַלד צו.
מיט דער צייט קענסטו נאָך ווערן
גאָר אַ מיליאָנער,
און אַ לעבן דיר צו מאַכן
וועט שוין זיין נישט שווער.

אין דיין גראָבן קעפּל, בחור,
נעם דאָס גוט אַריין.
שפּעטער ווען דו׳סט עלטער ווערן,
וועסט מיר דאַנקבאַר זיין.

---

אָט דאָס אַלעס, בין איך מודה,
האָב איך אויך געטאָן.
בן איך טאַקע גאָר געהויבן —
זיץ פון אויבנאָן.



# איך מיש מיך ניט

**(אַ מאָנאָלאָג פון אַ**
**קליינעם פאַרקויפער)**

זיצט רעווערענד דזשאָנס,
זיצט.
סע גאַרניט אַזוי הייס
און איר שוויצט.
זעצט זיך,
צו וואָס זאָלט איר שטיין?
מירן שמועסן געמיטלאך,
מיר זענען דאָ אַליין.
— — — — — — — — —
הערט רעווערענד: —
אַ דרינגנדע בקשה,
אין קירך, זונטיק
אין אייער דרשה —
איר זעט
אָט די ביכער,
אַרונטעררייסן זיי
מוז מען וואָס גיכער.
סאַ שמאַך און שאַנד,
מיך רופן זיי דאָרט
מאָרד פאַבריקאַנט!
מיך,
דעם גרעסטן פאַטריאָט,
מאַכט מען אויסצודרייען
צו שאַנד און צו שפאָט.
די מאַסן דאַרף מען
לערנען:
מלחמה איז פון גאָט.
ס'איז זיין פּראָבלעם
מיר קאָנען ניט,
מיר טאָרן ניט
זיך מישן אין דעם.
פאַרשטאַנען?
— — — — — — — — —
אַזאַ חוצפה!
מיר, רופן זיי מערדער,

מיר, רופן זיי רויבער,
מיינע געדאַנקען,
ווייסט איר דאָך,
איך טשעפּע ניט
זענען ריין און זויבער,
קיין פליג אַף דער וואַנט
וואָגן זיי מיך רופן:
מלאך-המות פאַבריקאַנט.
(קאָן מען לעבן?)

2

איר ווייסט דאָך רעווערענד,
איך מיש מיך ניט,
כאָמיר איין כלל:
איך בין מיר שטענדיק
און אַלעמאָל נייטראַל.
פּאַרטייאיש, זאָגן זיי,
בין איך,
סע הויבט זיך ניט אָן.
בין גרייט אַלעמען פאַרקויפן
אַ ביקס און אַ קאַנאָן.
זיין מעג עס
אַ מיינער-באָס
צי אַ קעניג אַפן טראָן.
איך מיש מיך ניט
איך געפין זיך אַלעמאָל
אין אַ נייטראַלע פּאָזיציע:
ווער סע צאָלט,
דער קריגט אַמוניציע.
ניט אַזוי רעווערענד?
אַ יאָ — אַלע זענען גלייך?
איר שאָקלט צו מיטן קאָפּ,
אוי, אַ לעבן אַף אייך.

3

פרעגט ווען?
פרעגט וואָס?
אין פּאָליטיק, זאָגן זיי,
שטופּ איך די נאָז.
איך וואָלט זיי
אין פּנים געשפּיגן!

דאָס איז אַ געמיינער,
אַ נידערטרעכטיקער ליגן!
איר זעט דאָך רעוורענד:
מיר אַרט ניט,
זאָלן רעפּובליקאַנער
רעגירן,
מעגן דעמאָקראַטן
די גרענדע פירן;
קריסטן, אידן —
אַבי פיינע פּאָליטישנס
בין איך צופרידן.
איך מיש מיך ניט,
צו אַלעמען
בין איך טאָלעראַנט,
איך בין ניט מער
ווי אַ כלי־זיין פאַבריקאַנט.
פּאָליטיק
איז ניט מיין אַמביציע,
איך בין אַ ביזנעס־מאַן
איך פאַרקויף אַמוניציע.

4

איינער האַנדלט מיט לאָקשן,
אַ צווייטער מיט כאַלאַטן
און איך פאַרקויף פולווער,
ביקסן און האַרמאַטן.
האַלט מען מיר
אין איין זידלען,
אין איין שטעכן,
דאָס איז בא די יאָלדן
אַ גרויסער פאַרברעכן.
הער נאַר, הער!
ווער ווייסט עס ניט
אַז מע מוז האָבן געווער?
אַף הפקר,
לאָזט מען ניט אַ לאַנד,
מע מוז עס באַשיצן!
איך פאַרלאַנג דערפאַר
גאָרנישט,
בלויז מאָראַליש מיר שטיצן.

נו, גענוג רערוועגד,
הערט אויף צו שוויצן!
לאַנג דאַרפט איר שוין
סיי ווי ניט זיצן.
לעמאַנעשעם פאַרגעסט ניט
אָט יענע ביכער,
אין חרם אַריין.
איר ווייסט דאָך —
אַ טשעק וועט שוין זיין.
וואָס זאָגט איר,
בעסער מזומן?
נו גוט,
אָבער איך אין קירך
וועל זונטיק ניט קומען.
אַזוי איז
באַ מיר איינגעפירט
פון אַלע צייטן:
איך מיש מיך ניט,
איך שטיי פון ווייטנס.



## דער ראַדיאָ אַנאָנסער
**(רעציטאַציע)**

אַמאָל, ניט היינט געדאַכט
ער! ער! ער! ער!
טאָג ווי נאַכט
איבער הייזער געגאַנגען.
אַף טרעפּ געקראָכן,
ריק און לענד
האַלז און נאַקן
שיעור געבראָכן.
וואָס איז געשען?
גאָרניט —
אַ קאָסטאָמער פּעדלער
געווען.
אָנגעקומען מיט
גרינע ווערים
אַ לעבן צו מאַכן.
אַף די פּלייצעס
אַ פּאַק מיט זאַכן
העמדער, אונטערהויזן
זאָקן און שיך,
מכשירים פאַרשידענע
פאַרן עס-צימער,
פאַר דער קיך.
וואָס אַ הויז דאַרף
וואָס אַ מענטש דאַרף
געטראָגן מיט זיך.
מעסערלעך שערעלעך,
האַמערס און זעגן —
אַ דעפּאַרטעמענט סטאָר
אָך! אָך! אָך!
אַף דער פּלייצע געלעגן.

2

אַ לעבן,
אוי אַ לעבן,
איז׳ס געווען!
אַוואַדע, ווי דען?
אומגיין גאַנצע טעג,
קלאַפּן אין די טירן,
מיט יעדן איינעם

טענה'ן, אַרגומענטירן.
געפּאָכעט
מיט דער נשמה,
אָן כּוחות געבליבן.
ווי אַ שלעפּער,
ווי אַ בעטלער
פון די הייזער
געטריבן.
אָבער איצט!
כאַ! כאַ!
איצט איז
אַ פאַרגעניגן, אַ מחיה!
זאָל לעבן די ראַדיאָ
מיט די מעטאָדן
די נייע;
צייט און כּוחות
שפּאָרט מען
אָן אַ צאָל
אָנשטאָט,
צו איינעם רעדן,
איז צו טויזנטער
מיט אַמאָל
אין מיקראָפאָן
דיין וואָרט —
מע הערט דאָ,
מ'הערט דאָרט,
שטייענדיק
אויף איין אָרט.
דו ווייסט,
דו פילסט —
אַ וועלט מיט מענטשן
הערן וואָס דו ווילסט.
מיט טויזנטער
פאַר אויערן
איז פאַרבונדן
דיין מויל —
כאַ-כאַ,כי-כי!
איז טאַקע גוט,
איז טאַקע וואויל!

## פּ״ל און בויגן

קאָן מען זיך
פאַרגינען
די קאָסטימער
אויך מיט קונסט
באַדינען.
מיט וויסנשאַפט
מיט תורה.
תורה מיט סחורה,
סחורה מיט קונסט,
סחורה מיט געזאַנג —
הלואי אַף ווייטער,
סע גייט אַ גאַנג.

3

(הוסט זיך אוים)
מיינע ליבע פרויען,
האַרציקע ווייבער,
צו וואָס אַרומגיין
מיט צעפּאַרעטע לייבער?
לעבן אַזוי
איז דאָך פּשוט שווער,
נעמט און קויפט אייך
אַ פרידזשידער —
אַ קאָמבינאַציע
מיט אַן אויוון צוזאַמען
סע ברענט
און קילט די פלאַמען.
איר'ט פילן אין אים
אַלע זיבן טעם'ן.
באַ די שטרענגסטע
באַלעבאָסטעס
האָט דער פרידזשידער,
אויסגעהאַלטן עקזאַמען
יעדן טאָג קריגן מיר
אין די שווערע טויזנטער
דאַנק טעלעגראַמען
סאָ העלפּ מי גאָד!
און אַצינד
האָכגעשעצטע דאַמען
ועט דאָס וואונדער-קינד

אימשע-מייערל
זינגען דאָס ליד:
„אפֿן פּריפּעטשאָק
ברענט אַ פֿייערל,
(נאָכדעם ווי איין
סטאַנזע ווערט
אָפּגעזונגען,
שטעלט מען אָפּ
דאָס זינגען
מיט אַ זייער שטילער
באַמערקונג:
געננוג קונסט פֿאַר זיי
אַצינד צוריק
צו ביזנעס.
(דער זינגער
ווערט אָפּגעשטופּט
אין אַ זייט
דער אַנאָנסירער
הוסט זיך אויס
גייט צוריק צו
צום מיקראָפֿאָן)
אַ וואָרט אַצינדערט
צו די דזשענטל-לייט
צו די מענער
עס מאַכט ניט,
רוסישע צו גאַליציאַנער
אַלע גלייך באַ אונז
ניטאָ קיין גרעסער
אָדער קלענער.
איר ווייסט דאָך
אַז אייער פֿריינט
זענען מיר
ניט פֿון היינט
לכן דעריבער
ליבע מענער,
הערט אונזערע
עצות
אונזערע וואַזשנע
פּלענער —

די בעסטע
אין דער וועלט
קאָסט אַ קלייניקייט,
אַ שיבוש געלט..
שעמט זיך ניט
אויב איר זענט
חלילה געבריכט,
פאַר גאָד־סייק
טוט אייער פליכט!
אייער צושטאַנד
וואָס שנעלער
פאַרריכט
צו מיסטער שנוק׳ן
אין סטאָר אַריין
שנעלער לויפט!
דעם באַרימטן אַלעף־אַלעף
ברוכבאַנד קויפט.
אברהם אָבינו עליו השלום
האָט אַזאַ געטראָגן
איר האָט זיכער ניט
געהערט
ער זאָל זיך באַקלאָגן
העלפן וועט עס אויכעט
אייער
געדעמעדזשטן מאָגן.
ווי אַ נייער מענטש
וועט איר זיך פילן.
איר וועט קאָנען טאַנצן
זינגען און שפּילן
דערצו נאָך
קריגט איר אַ מתנה
אַ פּאָר פרייע ברילן
איר׳ט נעוועד,
קיינמאָל, ניעמאָלס
זיך פילן שלעכט
און אַצינד רבותי,
אַ קינסטלער
וועט זינגען פאַר אייך

„גאָט און זיין משפט
איז גערעכט“
(נאָך דער ערשטער
סטאַנזע פון ליד
ווערט דער זינגער
אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט
מיט דער באַמערקונג)
פּלענטי געזונגען
אַ שאַד די צייט
אַנאָנסירער הוסט זיך אויס
(שטעלט זיך באַם מיקראָפאָן)
ליידיס און דזשענטעלמען!
אַנאָנסירן וויל מיר
אַצינדער:
אַ רפואָה שלימה
פאַר אייערע ליבע קינדער
דער מאַמע
פאַר זייערע ביינדעלעך
פאַר זייערע שמייכעלעך
און חנ׳דעלעך!
מיר נעמען אַראָפּ
אַ שווערע זאָרג
פון אייער קאָפּ:
אייער לאונדרי
אייער וועש,
קאָנען וועט איר
רואיק הענגען,
קאָרטן שפּילן
און מיט אייער פריינט
שטונדן לאַנג פאַרברענגען;
אונזער רפואָה
וועט אַלע אייערע צרות
באַגראָבן,
פון קליינוואַרג
קיין חרפּה
וועט איר מער ניט
האָבן,
וואו איר וועט זיי
לייגן,

פ״ל און בויגן

וואו איר וועט זיי
זעצן,
פון איצט אָן און ווייטער
וועלן זיי קיין זאַך
ניט באַנעצן.
פאָלגטשע אונז
ליבע מאַמעס,
קויפט אונזערע
קינדער-מאַטקעס
פון אַסבעסטאָס
געמאַכט,
אַ פּלעזשור, אַ פאַרגעניגן,
אַ מחיה, אַ פּראַכט,
מיליאָנען קינדער
טראָגן זיי
טאָג אַזוי ווי נאַכט,
סע ביליק ווי באַרשט
בלויז צוויי טולער
מיט אַכט
אַן אמתע ישועה
האָבן די מאַטקעס
געבראַכט.
גייטשע וואָס שנעלער
דעם „סייל"
זאָלט איר ניט פאַרזאַמען,
און איצט רבותי
וועט מען זינגען פאַר אייך:
„אַ בריוועלע דער מאַמען"
(נאָך דער ערשטער סטאַנזע
ווערט דער זינגער
אָפּגעשטופּט אין אַ זייט,
קומט צו צום מיקראָפאָן)
ראַדיאָ צוהערער,
מיין חאַרציקער, מיין ליבער!
אונזער קונסט שטונדע
איזליידער שוין אַריבער
דער זייגער וועט באַלד
שלאָגן
מוזן מיר אייך איצטער

גוד־באַי זאָגן;
מירן זיך אָבער
געבן די מי
די זעלבע קונסט
דערלאַנגען אייך
יעדן אינדערפרי
וואָס וועט אייך
אין דער זיבעטער ריפ
גיבן אַ „טאַטש“
טהענקיו
אַיי טהענקיו ווערי מאַטש.



## אָריגינאַליטעט

איך קלייב צונויף געדאַנקען,
פון לעבן און פון בוך;
וואו ס׳לאָזט זיך וואו איך קאָן נאָר
נישטער איך און זוך.

איך מיש זיי אויס אינאיינעם,
ביי מיר אין מיין פאַבריק,
און וואונדער איבער וואונדער
וואַרפט אַקאָרשט אַ בליק!

געדאַנקען, נייע פליסן,
בליאַסקען פלאַמיק — העל,
איר שטייט און איר באַוואונדערט:
ער איז אָריגינעל!

פייל און בויגן

# קאָנצערט

הייבט זיך אָן דער סעזאָן
פון אפּערע, מוזיק.
דער עולם צאָלט פאַר טיקעטס
צו פינפערלעך אַ שטיק.

נאָר איך, אָט ווי איר זעט מיך,
האָב קיינעם גליק:
ס׳קאָסט מיר קיינמאָל גאָרניט,
דאָך הער איך אָפט מוזיק.

איך דאַרף ניט ווייט פאַרקריכן,
אפילו אין מיטן גאַס;
אַלעס, וואָס איך דאַרף איז —
דאָס וועטער זאָל זיין נאַס.

אין קאָפּ הייבט אָן זשומען
אַ זיסע מעלאָדי!
און מיין אויער פייפט אויס
אַ שיינע ראַפּסאַדי.

ס׳האַרץ מיינס כריפּעט אויסעט
אַ שטימונגספול געזאַנג
און די ציינער קלאַפּן
גיבן טאַקט צום קלאַנג.

וואָס נאָך דאַרפט איר שענערס,
אפילו מיינע שיך —
קלאַנגען פול מיט ריטם
פאַרמאָגן זיי אין זיך.

זיי עפענען די מיילער
און האַלטן מיטן כאָר:
קלאַפּן, פּלעסקען אונטער
אויפן טראָטואַר.

אַזוי, אָט ווי איר זעט מיך,
אַ דאַנק דעם ליבן גאָט,
הער איך מיר קאָנצערטן
אָן צרות, אָן קלאָפּאָט.

פּײל און בויגן

# רעדוצירן
(רעציטאַציע)

גאַווריליצע,
דעם כוס דערלאַנג,
מיט קובעבע
און מיט פּיזם!
לחיים לאָמיר טרינקען
פאַרן דערפינדערישן
קאַפּיטאַליזם:
אַלעמאָל עפּעס
מאַכט ער צו,
אַלעמאָל עפּעס
טראַכט ער צו„
אַבי דעם מענערטום
באַגליקן,
אַבי דעם ווייבערטום
דערקוויקן
מיט אַלערליי אַנטיקן.
אין דער הינזיכט
קאָנקורירן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

קראָמען פאַרשידענע,
גרויסע און קליינע
געשעפטן,
אַף הויכע קולות
שרייען זיי
מיט די לעצטע קרעפטן:
קומט צו אונז,
ווילט איר ציין-בערשטלעך
צי דעם לעבער
פון אַ קאַלב
באַנונז פאַרקויפט מען עס
פונקט פאַר האַלב.
אויסגערונען, ניטאָ מער
קיין גאַנצע פרייזן.

— — — — — — — —

פאַרגעס ניט
זיי מוחל,
היסטאָריקער,
צו פאַרשרייבן,
פאַר דורות שפּעטער
זאָל עס טאַקע בלייבן:
פאַרצייכן
קאָפּ-סיסטעם
20-טער יאָרהונדערט
נאַט, זעט אַלע
באַוואונדערט
ווי סע בליט
די רעדאָקשאָן —
רעדוקציע-עפּאָכע.
סע גייט קינעאָרע
מיט מזל ברכה.
מע זוכט רק
צו רעדאקטעווען
צו רעדוצירן!
איינער מיטן צווייטן
אין די צייטונגען
זוכט מען צו באַווייזן
דורך אַנאָנסן,
דורך אַדווערטייזן —
מעג עס זיין אַ ביכער-שראַנק
צי אַ פּעקל לאָקשן
אַף אַלץ, ליבע פריינט,
איז שטענדיק אַ רעדאָקשאָן:
אַ ניי-מאַשין, אַ היטל,
אַ פעלד-שפּאַקטיוו, אַ קיטל
פאַר אַ שיבוש קריגט איר עס
פאַר אַ דריטל.
אַלעס פינקלט שפּאָגל-ניי
דערצו נאָך קריגט איר
אַ פּאָר הויזן פריי.
און וואָס מיינט איר?
פאַר זייער גרויסער מי,
מאַטערניש און צער ——
העלפט זיי גאָט דערפאַר
און וועט זיי

שטענדיק היטן
די רעדאַקשאַנס ברענגען
אַנשטענדיקע „פּראָפּיטן“.

2

רעדאַקשאָן, רעדוקציע —
מע רעדוצירט.
אין די צייטונגען
דורך דער ראַדיאָ
מע אַנאָנסירט:
מענטשן פּעטע,
צו וואָס זיין דיק,
פּע, ניט שיין!
קומטשע גיכער
צו אונז צו גיין.
מיר האָמיר אַ רפואה —
אונזער שעטשקע-וואַסער
פּרובירט.
איינס און צוויי
און איר רעדוצירט
פאַרווירקלעכט ווערט
אייער טרוים,
די פעטקייט פאַלט אַראָפּ
ווי בלעטלעך פון אַ בוים,
באַנוצט איר
אונזער דיעטע
ווערט איר שלאַנק
ווי קעניגן עליזאַבעטע.

— — — — — — — — — —

טאָג און נאַכט
שבת, וואָך,
אין קאָפּ מאַכט מען אייך
אַזש אַ לאָך.
דורך רעדעס, לעקציעס
פון „דאָקטוירים“
„פּראָפּעסאָרן“
פון גלאַט אַזוי
קאָמי-וואָיאַזשאָרן
פון וועמען נאָר איר ווילט
אַלע, אַלע,
צו איין זאַך נאָר ער צילט
אייך פאַרטשעפּן,
פאַראינטערעסירן,
איר מוזט, איר דאַרפט
רעדוצירן.
דורך זאַלבן זיך
און שמירן
סיי דעם בויך
סיי די פּיס
און. . . .
פינף דאָלער פּליעז!

— — — — — — — — — —

ברויט הערט מען אויף
פאַרזוכן.
קיין שום „פּייסטרי“,
פּוטער-קוכן
אויף יעדן שריט און טריט
צווימט מען דעם אַפּעטיט.
אייז-קרים עסן?
גאָט באַהיט!!
פון אַלעם
וואָס האָט אַ טעם,
מוז מען ווייכן
ווי פון סם —
אינגאַנצן אין דעם
פאַרגעסן,
בלויז לויזע אייער
און גראָזן עסן,
דאַרע וואָרצלען
שפּינאַטש קייען.
און איר מוזט
דערביי נאָך שרייען:
איי סע גוט,
איי סע וואויל!
כאָטש סע איבלט אייך
אין מויל
און סע האַדעט אייך
צום ברעכן.
דאָס געזעץ

טאַר מען ניט פאַרשוועכן
דעם געזעץ
פון דער דיעטע,
וואָס קעמפט גואלדאָוונע
קעגן פעטע.
— — — — — — — — — — — — —
רעדאַקשאַן, רעדוקציע,
רעדוצירעווען.
איר טאָרט ניט רוען,
איר מוזט זיך דרייען,
איר מוזט זיך קירעווען,
די טאַליע
זיך פאַרשנירעווען,
איר מוזט לויפן,
איר מוזט שפּרינגען,
גימנאַסטיק מאַכן
מיט גרויסע רינגען,
דעם קאָפּ צו ד'ערד
שטאַרק פאַרנויגן
פון קערפּער מאַכן
אַ פייל און בויגן,
אַף פערדלעך רייטן
ווי ווייט נאָר מעגלעך,
ניט בלויז יום-טוב
נאָר אויך טאָג-טעגלעך.
אויך איז זייער גוט
אַף בוימער קלעטערן,
לאַנג שפּאַצירן
אין אַלע וועטערן.
— — — — — — — — — — — — —
איר האָט קיין געלט ניט?
איר האָט קיין צייט מיט?
איר האָט קיין כח ניט?
איר פּאַכעט, זאָגט איר,
מיט דער נשמה?
ס'מאַכט ניט, סע שאַדט ניט!
קעגן פעטקייט
פירט איר דאָך מלחמה
דאָס דאַרף זיין
אייער טרייסט,
אייער נחמה,
איר דאַרפט אָננעמען
פאַר צוקער זיס
און. . . .
— פינף דאָלער פליעז!
— — — — — — — —
איר פרעגט מיר:
צי ווערט מען איידעלער?
צי ווערט מען דינער?
מניע, איך ווייס?
די עצה געבער
זענען זיכער
די געווינער.
פאַר זייער גרויסער מי,
מאַטערניש און צער,
העלפט זיי גאָט דערפאַר
און טוט זיי שטענדיק היטן.
די „רעדאַקשאַן-עצות"
ברענגען זיי
„אַנשטענדיקע" פּראָפיטן.

3

אין שעפער, אין פאַבריקן
רעדאַקשאַנס אָ, האָ!
לאַנג שוין אין דער מאָדע
באָסעס האַלטן זייער שטאַרק
פון אָט דער מעטאָדע.
האָט דער באָס
אַ שלעכטן חלום,
— רעדט מען פון מלחמה,
צי שמועסט מען פון שלום.
אָפּט דאַרף ער
פאַר זיין געליבטער
נייע קליידער,
צי אין שול להבדיל,
באַצאָלן דאָרט אַ נדר —
קריגט דער שאַפּ-מענעדזשער
אינסטראַקשאַן:
קומנדע וואָך

זאָלן די אַרבעטער
באַגליקט ווערן
מיט אַ רעדאַקשאָן.
זייער שכירות
ווערן היפּשלעך רעדוצירט,
און געלויבט צו גאָט.
דער אַרבעטער
ניט איין פונט פלייש
פון זיין קערפּער
ער פאַרלירט.
דיעטע, גימנאַסטיק,
פאַר אים ניט נויטיק
פּראַקטיצירן.
דער באָס גיט אַכטונג
דורך „ספּיד-אָפּ"
דורך רעדאַקשאָנס
דער אַרבעטער זאָל פאַרלירן.
נו, זאָגט אַליין:
קומט ניט דעם באָס
פאַר זיין מאָטערניש און צער
אַ דאַנק דערפאַר,
פאַר זיין זאָרגן זיך
און קלערן,
דער אַרבעטער זאָל חלילה
פעט ניט ווערן?
נו, געוויס!
איז אָבער אַ צרה דאָ פאַראַן:
די יוניע, אוי די יוניע!
צעשטערט אָפּטמאָל
אַט דעם פּלאַן.
דורך סטרייקס
און וואָס דען ניט
אַלעמאָל דאָ אינדערמיט.
און טאַקע ניט אומזיסט
טענה'ט באָס, קאַפּיטאַליסט:
צום טייפל מיט דער יוניע,
זי מאַכט גאַר אָן
אַ גאַנצע סומאַטאָכע!
שטערט דער ציוויליזאַציע,
אונזער רעדוקציע
עפּאָכע.

פייל און בויגן

## פורים-דיקס

(באַלאַדע)

געווען אַ קעניג איז אַמאָל,
געהייסן אַחשורוש,
האָט ער געטרונקען ווי אַ פיש,
אַזוי שטייט דאָרט בפירוש.
געטרונקען האָבן אַלע דאַן
צוזאַמען און באַזונדער,
ס'איז „פּראָהיבישאָן" דאָרט געווען,
טאָ וואָס זשע איז דער וואונדער?

2

נאָר אַז באַשערט איז אַ גליק,
טאָ הערט-זשע וואָס איז פאַרלאָפן,
בא אחשורוש'ן אין הויף
ט'אַ סקאַנדאַל געטראָפן:
די קעניגין האָט ניט געוואָלט
צום קעניג'ס שמחה קומען.
מיט איר געליבטן איז זי דאַן
געוועזן שטאַרק פאַרנומען.

3

דער קעניג האָט שוין לאַנג געזוכט
אַ וועג זיך צו באַפרייען. . . .
„טויטעט איר און טאַקע באַלד"
האָט ער גענומען שרייען.
די קעניגין, נאַטירלעך, האָט
געקראָגן באַלד איר חלק,
ווייל דעם קעניג'ס אַ באַפעל,
פאַרשטייט איר מיך, איז הייליק.

4

מרדכי איז אויף מאָרגן פרי
אין „הויף" אַוועקגעגאַנגען,
געלונגען איז אים דורך כאַבאַר
צום קעניג זיך דערלאַנגען.
קעניג, זאָגט ער, איך בין דאָ
דיין האַרץ צו מאַכן גרינגער
כ'האָב פאַר דיר אַ קווין אַ „פּיטש"
וועסט לעקן אַזש די פינגער.

5

געזאָגט דעם קעניג ווער זי איז:
אַ טאָכטער פון זיין שוועסטער,
אַ יתומה — ווײ איז מיר!
און הייסן הייסט זי אסתר.
די „קווין" געוועזן איז דאַר און גרין
נאָר דאָס איז ניט דער עיקר
אַבי געפעלן איז זי שטאַרק
אחשורוש'ן דעם שיכור.

6

אַרומגעדרייט האָט זיך אין הויף
המן דער מיניסטער,
געליטן שטענדיק פון קאַטאַר,
באַלד וואָס עפּעס ניסט ער.
געהאַט אַ ווייב — אַ קלאָג צו אים
געהייסן האָט זי זרש,
ווען מען האָט זי נאָר געזען,
געוועזן איז זי מעוברת.

7

געזען האָט המן אַז עס איז
גאָר אַ שלעכטער ענין,
ס'דרייען זיך אַרום אין שטוב שוין
קינדערלעך אַ מנין.
די שכירות קלעקן אים שוין ניט
פאַר האָדעווען די פרעסער,
געזוכט צו מאַכן „פון דער זייט"...
„איר וואָלט געוועזן דען בעסער?,

8

קיין „רעקעטס" זיינען ניט געווען
וואו מ'קאָן „פאַרדינען"...
פאַרטשעפּן זיך מיט אידעלעך
ז'אַרויף אים אפן זינען.
דערשמעקט ער,
אָבער שוין צו שפּעט,
אַז עפּעס איז ניט „לאָפּקע".
וואַצימעדער? אוי אַ בראָך,
די „קווין" איז אַ „זשידאָווקע"!

9

דער שרייבער, ניט געווען קיין נאַר
פון אָט דער לעגענדע,
צוגעטראַכט האָט ער — אַה! אַה!
גאַר אַ פיינע ענדע.
אַנשטאָט גאַר המן אַ פּאָגראָם
זאָל אויף אידן מאַכן,
נעמט ער און ער הייגגט אים אויף
און זאָלן אידן לאַכן.



# פסח — היים איך

## (באַלאַדע)

זיצן זיך די פּעמפּיקס פּסח באַנאַכט,
מע דערמאָנט זיך: „עבֿדים היינו“. . .
געווען אַמאָל פּעדלער אין העסטערסטריט גאַס,
באַלד ווי מ׳איז געקומען אַהער גרינע.

מיט׳ן פּושקאַרט געשטאַנען ניט ווייט פונם ראָג,
אין טרוקענעם וועטער און אין נאַסן:
געדאַרפט מיט קושנירקעס האָבן צו טון,
אויסשטיין אַלע משוגעת׳ן!

איינער גלוסט זיך אַ געלער קאָליר,
די צווייטע וויל — פּאָפּעליאַטע.
אַ דריטע איז אַ מבֿין, שרייט זי אינדערהויך:
„דאָס איז דען סחורה, ס׳איז שמאַטע!

איז ווענען-זשע אַרט׳ס, ווער קוקט דען אָף איר?
עלעהיי סע קוואַקעט אַ זשאַבע —
אָט פונקט ווי אַ פּעדלער האָט מער ניט צו טון,
נאָר אַרבעטן פאַר עולם הבא!

שטענדיק האָט מען פון „תכלית“ געטראַכט,
און ניט פאַרגינט זיך דאָס לעבן —
אַ פּעני צו אַ פּעני דאַמאָלט געשפּאָרט,
אָף קיין זאַך קיין סענט ניט געגעבן. . . .

2

ענדלאָך געגעבן אָף דער פּושקאַרט אַ שפּיי,
אַ „סטאָרקע“ מיט מזל גענומען,
אַ פּידקאָווע אַ גרויסע אין פענסטער געשטעלט,
באַדעקט מיט פּאַפּירענע בלומען. . . .

פאַר די זעלביקע שמאַטעס האָט מען שוין איצט
העכערע פרייזן געקראָגן —
און אַ דאַנק און אַ לויבן יאַצקע דעם טויבן
מע האָט ניט געקאָנט זיך באַקלאָגן. . . .

נעמען אַ פּייפּער, כאַפּן אַ קוק,
קומט שוין אַרויף אָפּן זינען —

וואַקאַציע נעמען — אַ וואָך אָדער צוויי
קאָן מען זיך איצטער פאַרגינען.

3

מאַניפעקטשורערס ווערט מען, סע גייט אַוועק גוט.
איז וואָס-זשע שייך צו ריידן?
די אַרבעטער יאָגט מען די נשמה אַרויס. . .
נאָר מע רעדט ניט פון דעם — מ׳איז באַשיידן. . .

פראַוועט מען טאַקע אַ פסח אַצינד,
אַ יום-טוב ווי גאָט האָט געבאָטן:
מיט פיש און מיט פלייש, מיט נים און מיט וויין
און מיט גוטע קאָמפּאָטן.

מע שמועסט אַז הונגעריקע זענען פאַראַן,
געשוואָלן פון הונגער זיי ווערן —
איז טאַקע ביטער! נאָר ווי קאָן מען דורך דעם,
דעם „הייליקן" יום-טוב צעשטערן?

אַזוי ווי מע האָט דאָך אַ „אידישע" האַרץ,
ווערט מען אַ מיטל געפינען:
מעט געבן פון „מרור, אַ גרעסערן בים. . . .
די הונגעריקע האָבן אינזיינען.

איצט, אַז דאָס איז שוין אויכעט באַזאָרגט,
מעג מען דאָך מאַכן אַ „לחיים".
און נעמען דערציילן — פאַוואָלינקע, שטיל
די מעשה „יציאת מצרים" . .

די הגדה, רבותי, ז׳אַביסל צו אַלט,
טאָ האָט ניט אָף אונז קיין פאַריבל —
די מעשה ט׳ניט „מעטשן" פּונקט אַקוראַט,
אַזוי ווי סע שטייט אין דער ביבל. . .

— — — — — — — — — — — — — —

געווען איז יעקב אבינו אַ מאַן,
אַ מענטש, ווי זאָגט איר, קאַטאַרי —
פיר ווייבער ווי דעמבעם האָט ער פאַרמאָגט,
און צוועלף זין קינענאַרע.

די זין זיינע האָבן געפאַשעט די שאָף —

ער האָט געפּאַשעט דאָס בייכל;
די ווייבער האָבן געריבן די וועש —
ער האָט געריבן דאָס ייכל. . . .

איין ברודער האָבן זיי דאָרטן געהאַט,
יוסף געוועזן איז זיין נאָמען!
צווישן די ברידער איז אָט דער יאַט,
לחלוטין געוועזן ניט ווילקאָמען. . .

אַרבעטן האָט ער קיינמאָל געוואָלט,
אַרומגעגאַנגען ווי אַ פּאַצעטל —
אַ העמדל פון זייד, אַ שטאָק אין דער האַנט,
אַף דער זייט דאָס קאַשקעטל.

אויסגעגיין זענען די מיידלאַך נאָך אים —
די ווייבלאַך — מיט די אויגן אים געגעסן. . . .
נאָר אים האָט פאַרוואָלט זיך זיין גאָר אַ פּרינץ —
הייראַטן מיט אַ פּרינצעסין.

וועגן עגיפּטן האָט ער געהערט,
פון איינעם אַ בעל־עגלה —
יוסף דערפילט — עגיפּטן איז זיין פּלאַץ,
ער קאָן דאָרט שפּילן אַ ראָלע. . . .

האָט יעקב אָבינו אַ קניפּל פאַרמאָגט
געשפּאָרט אַף די עלטערע יאָרן,
איז יאָשקע פּאַצעטל פון אָט דעם סוד,
פער צופאַל געוואוירע געוואָרן.

טרעפט אַז איינמאָל, משפּחה איז אַוועק —
געוועזן א ברית וואו אין שטעטל. . . .
קומט מען אַהיים פון דער שמחה צוריק,
געפינט מען פון יאָשקע׳ן אַ צעטל:

— אַדיע מיינע ליבע, כ׳פאַרלאָז איצט כנען,
— דאָס לאַנד פון באָקסער און פלוימען.
— איך פאָר אין אַ לאַנד פון וועלכן איך האָב,
— שטענדיק געהאַלטן אין טרוימען.

די נייעס האָט זייער די ברידער דערפרייט,
און דאָס איז ניט נאָר אַ סברא ——
ווייל איינער צום צווייטן האָט דאמאָלט באַמערקט:
— אַ שיינע, ריינע כפרה!

דער פאָטער אָבער האָט באַלד זיך געפרעגט:
— וואו׳ט׳ער געקראָגן מזומן?
געפינט ער אויס — דאָס „קניפל" ניטאָ —
דאָס לעבן זיך שיעור ניט גענומען. . .

געגעבן צו וויסן דער פאָליציי,
איז זי דאָך אָבער געראָטן —
זי קאָן דאָך אַפילו ניט — אַ קלאַג צו איר קאָפּ!
כאַפּן דעם אייגענעם שאָטן. . . .

— — — — — — — — — — — — — — —

האָט זיך יוסף אין עגיפּטן באַזעצט. . . .
דאָס איז אָבער נאָך ווייניק —
מע דאַרף דאָך זען געפינען אַ וועג,
ווי זיך דערלאַנגען צום קעניג. . .

אַלס „יוסף הצדיק" אַדווערטייזט ער זיך באַלד,
דינגט אַ גרויסאַרטיקע דירה,
ניט ווייט פונם „פּריים-מיניסטער׳ס" הויז,
וואָס האָט אַ ווייב — פּוטיפירה.

יוסף הויבט אָן מיט דער מאַדאַם
אַ געהיימע ליבע צו שפּילן. . . .
און אויב אַ „צדיק" טוט אַזאַ זאַך,
איז׳ס מסתמאָ גאָט׳ס ווילן. . .

איינמאָל קומט דער מיניסטער אַהיים,
האָט ער דעם „צדיק" געטראָפן. . . .
דער צדיק איז נעבעך אָן הויזן, אָן שיך,
קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן. . . .

אַ צווייט-מאָל האָט אים דער מיניסטער געפּאַקט,
געלאָזט אים באַלד אַרעסטירן —
די קלאַגע האָט געלויטעט: אַ „צדיק" האָט געוואָלט
אָן „אומשולדיק" ווייבל פאַרפירן.

האָט מען יוסף׳ן אין טורמע פאַרשיקט — —
אַט דאָ וואָלט באַדאַרפט זיין די ענדע,
ווען דאָס זאָל זיין אַ ווירקלאַכער פאַקט
און ניט קיין „ביבל לעגענדע״. . . .

מע דאַרף דאָך, מע מוז דאָך, פאַרשטייט איר דען ניט?
דעם שכל פון פסח דערקלערן — — — — —
איי וואָס פאַר אַ שייכות האָט פסח מיט דעם?
טאָ וואַרטשע אַווײַלע, ט׳איר הערן:
— — — — — — — — — — — — — —
אין טורמע זיצנדיק, ווערט ער שטאַרק פרום —
האַלט פון גאָט אין איין ריידן. . . .
און גיט באַלד צו וויסן אַז ער איז „בכח,
יעטוועדן חלום באַשיידן.

די נייעס פאַרשפּרייט זיך שנעל ווי אַ בליץ,
אַזש ביזן קעניגלאַכן טויער — —
און דאָס האָט געטראָפן פונקט אין אַ צייט
ווען דער קעניג געווען איז אין טרויער.

מיינט ניט חלילה ס׳אַן אומגליק געשען,
צו ווער אין הויף איז געשטאָרבן —
דער נאַרישער קעניג פלעגט עסן אַ סך,
האָט ער זיין מאָגן פאַרדאָרבן. . . .

פלעגן דעם שוטה יעטוועדע נאַכט,
מאַטערן פוסטע חלומות —
פון וואָס-זשע חלום׳ט אַ קעניג אַן אָקס?
פאַרשטייט זיך אַז פון בהמות. . . .

אַזוי ווי חוץ אָקס איז ער אויכעט אַ פערד
חלום׳ט אים האָבערנע זאַנגען. . .
וויסן וואָס דאָס אַלעס באַדייט,
איז אים אין לעבן געגאַנגען.

דער קעניג איז נעבאַך זייער באַזאָרגט,
האָט ער דערפון „שפיכת-דמים״!
רופט ער באַלד די „מכשפים״ צענויף
און אַלע גרויסע „חכמים״.

איר מיינט אַז זיי ווייסן? אַ נעכטיקער טאָג!
דער קעניג איז שטאַרק אומצופרידן — —
הייסט אים די ביבל שיקן אַ שליח,
ברענגען דעם „געטלאַכן אידן".

יוסף׳ס ענטפער מאַכט אַ פוראָר —
דער קעניג ווערט לוסטיק און פריילאַך!
ווייסט ניט וואָס מיט דעם „צדיק" צו טון!
באַשטימט אים אַלס „שני-למלך".

יוסף, פאַרשטייט זיך, האָט אַ איידעלע האַרץ —
ברענגט ער אַהער זיין משפחה,
ער טיילט זיי איין פּאָליטישע „דזשאָבס" . . . .
הכלל, ס׳איז מזל און ברכה!

(דאָס-אָ פאַרענטפערט פאַרוואָס מע באַדאַרף,
זיצן באַם „סדר אַף קישנס" —
„סאָפּט-דזשאָבס" האָבן אונזערע זיידעס געהאַט,
פונקט ווי איצט די פּאָליטישנס". . . )

— — — — — — — — — — — — — — —

אַ באַוועגונג שאַפט זיך אין קעניגלאַכן הויף,
קעגן די אידישע „גראַפן":
אַנשטאָט צו האַלטן פּאָליטישע „דזשאָבס",
זאָלן זיי אַרבעטן, שאַפן.

פאַרדריסט עס די אידן, פירט מען אַ קאַמף
מיט דער עגיפּטישער קליקע —
אַרויסגעקומען זיינען מיט אַ געשריי,
אַהרון און משה זאַאי-איקע:

— וואַ-וואָס, זענען מיר עפּעס עגיפּטער, צי וואָס?
— מי-מיר זעמיר, פּאַ-פאַרששטייט איר מיר, אי-אידן!
— מיראָמיר גאָ-גאָרניש מער וואָס צו טון,
— נאָר מאַ-מאַכן פאַר אייך פּי-פּי-ראַמידן?

(סע ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס אידישע פאָלק
ז׳אַ האַרטער נוס צום קנאַקן,
קנאַקט מען דעריבער וועלשינע נים, —
מצות דאַרע, האַלב-געבאַקן. . . . )

כאַטש משה׳ן פעלט אַ געשליפענער צונג,
האָט ער אָבער אַ שטעקן — — —
אַ וואונדער אַ שטעקן! מיט מכות ער קאָן,
אַ „קאָונטרי״ אַ גאַנצע באַדעקן. . .

באַווייזט טאַקע משה באַלד מיט זיין שטאָק,
וואונדער כל־ערליי מינים: —
אָט האָט איר צום ביישפּיל, אַ מוסטער פון זיי:
„דם״, „צפרדע״ און „כנים״. . .

דער קעניג און קעניגין געהאַט דאן אַ „דזשאַב״ —
טאָג ווי נאַכט נאָר זיך קראַצן —
(דערפאַר איז באַ אידן ערב פסח אַ מוז,
אויסלופטערן אַלע מאַטראַצן. . . )

דער קעניג זעט ס׳אַ מעשה אָן אַן עק,
שליסט ער מיט משה׳ן דאָן „שלום״:
נעם, זאָגט ער, צענויף דיינע „לאוזי־דזשוס״
און גייט אייך צו אַלדי טייוואַלים!

דערציילט אונז די ביבל: דער קעניג דער נאַר,
געהאַט האָט אַ „גאָלדענעם״ מאָטאָ:
היינט באַשליסן אַף זיכער אַ זאַך,
און מאָרגן האָבן חרטה. . .

ווי נאָר די אידן זענען אַוועק,
האָט ער חרטה געקראָגן —
(אָט דאָס הייסט אַ באַק אין לכן דערום,
הייסט מען „חד גדיא״ אונז זאָגן. . . )

דערטרונקען ז׳געוואָרן דער קעניג אין ים —
איז טרינקט מען דערפאַר „אַרבע כוסות״. . . .
פאַראַנען זאָגט מען אפילו אַ טעם
צו וואָס מען דאַרף די „חרוסות״. . . .

דעם בעסטן טעם אָבער פילט מען אין ווייַן
גיסט אָן, זייט מוחל, אַ ביסל
געַנוג שוין הגדה, די קניידלעך דערלאַנגט
הוראַ, זאָל לעבן די שיסל!

פּי״ל און בויגן

# גאַרמענט סענטער
## (רעציטאַציע)

זיבעטע עוועניו,
אַכטע עוועניו,
אַרויף צו טיימס סקווער
איין גרויסער בינשטאָק,
כוואַליעס אַף כוואַליעס
שטראָמען אַהער
אַ גערויש, אַ געזשום —
זשום! זשום! זשום!
סע רוט ניט,
רק באַוועגט זיך
וויל ניט ווערן שטום.
זשום! זשום! זשום!
שטראָמנדע כוואַליעס
כוואַליקע שטראָמען
אַקרענטן,
גאַנצע תהום'ען
אַטאָמאָבילן, טראָקס,
טעקסיס, מענטשן,
אַ טויזנטפאַכער
סמבטיון
די פייפעריי
הוזשעריי
קלאַפעריי
טראַסקעריי
אַף אייערע נערוון
מאַכן זיי פּאָגראָמען
אין די אויערן
אַ שטענדיקער געברום —
זשום! זשום! זשום!
יעדן פרימאָרגן
מע שטופּט דיך
מע שטויסט דיך
אָן אַ פאַרוואָס,
אָן אַ וואָרום,
זשום! זשום!
קומסטו אַרויס פון דאָרטן
אַ צעשלאָגענער עפּל.

וואו איז דער רעגנשירם?
די צייטונג?
פּלוצלינג טראַך —
אַרונטער אַ קנעפּל
סע העלפן ניט
קיין חכמות,
ס'איז אומזיסט
זיך צו היטן,
ווילסטו די גאַס
אַריבערלויפן,
בלייבסטו שטעקן
אינמיטן.
ניט אַהער, ניט אַהין
ביסט געפּענטעט
ווי די פליג
באַ דער שפּין
סע דאַכט זיך דיר.
ניין,
דו זעסט פאַר זיך:
אַ קאָנצענטראַציע
אַ קאָנווענשאָן
פון אָמניבוסן
טראָקס און מאַשינען
צוזאַמענגעקוועטשט
ווי אַ פּושקע
סאַרדינען.
פּראָטעסטירן?
אומזיסט!
ס'עט קיין נוצן
ניט ברענגען.
אַנו וואַרף אַ שפּילקע
אין דער לופטן
בלייבט זי הענגען.
וואָס דענקסטו?
אַ בן־יחיד ביסטו?
אַלע ווילן, אַלע צילן
דערלאַנגען זיך.

צו קומען וואָס נעענטער
צום קליידער מאַרק,
צום „גאַרמענט סענטער“

2

גאַרמענט סענטער,
יעדע געביידע
מיט צוויי אַריינגאַנגען
איז באַוואָרנט —
מיט אַ הינטערשטן
און אַ פונפאָרנט.
אַ „פראָנט ענטרענס“
מיט מאַרמאָרנע ווענט
זויבערע, ריינע
עלעוויטאָרס
אויסגעפוצטע, שיינע
עלעוויטאָר לייט
אין עלעגאַנטע מונדירן,
שטענדיק גרייט
צו באַדינען,
שטענדיק גרייט
צו פירן
אַרויף און אַראָפּ
אַ גאַנצן טאָג
באַנאַכט אַפילו
ניט קיין אַרבעטער,
חלילה
בלויז דזשענטעלליט!
ביזנעסלייט
פירט מען דאָ
אַהין אין די אָפיסעס
אין די „שאָו רומס“
רייך מעבלירטע;
סופיט און ווענט
שיין דעקאָרירטע,
ווייכע טעפּיכער —
אימפּאָרטירטע
קאָסטן מסתמא
זייער טייער,
מיר שטעלן זיך פאָר,
מיר זעמיר זיך
משער:
סע נישט פאַר
די אַרבעטער,
סע פאַרן באָס,
פאַרן סוחר,
וואַטשעמעקאָל
דער „בייער“

דער „בייער“ דער „בייער“
איין קלייניקייט,
דער „בייער,
אַלע נויגן זיך,
אַלע בויגן זיך
ווי שקלאַפן פאַרן האַר.
וויל יו פליז
מיסטער קנאַקניסל,
העוו אַ סיגאַר!
פיור האַוואַנאַ,
אַ סך געלט
באַצאָלט דערפאַר.
דער באָס קוועלט,
באָדט זיך אין פאַרגעניגן
אַ גרויסן אָרדער
האָפט ער צו קריגן.
וועל מיסטער קנאַקניסל,
האַו איז ביזנעס?
„נייעס דעי טודעי,
איזענעט?“
בלויז אַ וואונק פון באָס
און גיך און שנעל
פאַרביי דעם „בייער“
פאַראַדירט אַ מאָדעל.
אַ הויכע, אַ שלאַנקע
מיט אַ וואַזשנעם שטעל
טראָגט אַ „סעמפּל-דרעס“
טונקל אָדער העל,
דרייט זיך, קירעוועט זיך
הין און צוריק.

זי רעדט ניט,
די אברים רעדן:
נאַזע — אַן אַנטיק.
אַלע אָנגעשטרענגט
פון בוכהאַלטער
ביזן באָס,
אָפן „בייער“ קוקט מען
אַף זיין פּנים,
אַף זיין נאָז.
גיט זיך חלילה
זיין נעזל אַ דריי
איז ביטער און פינצטער
איז אָך און ווי.

— — — — — — — — — — — —

דער קויפער, דער „בייער“,
אַן אויסגעפּאַשעטער
אַן אויסגעכאַליעטער,
געזונט און שטאַרק
מיט אַ היפּשן גוידער,
מיט אַ רויטן קאַרק
די קאָפּ גלאַט,
נאַקעט, הויל —
דרייט אַן אויפהער
דעם סיגאַר אין מויל
נעמט טאַפּן מיט די הענט
דאָס קלייד פון אַלע
זייטן.
אָרימע מאָדעל!
דער קאָליר אין פּנים
נעמט זיך אַזש בייטן
דעם „בייערס“ באַנעמונג
איז זייער אַ פרייע“ . . .
די מאָדעל אַף איר „דזשאָב
איז קאָנטיק אַ נייע. . .
מעג אינווענייק קאָכן
און זידן דאָס בלוט
מוז זי שמייכלען צו אַלץ
וואָס דער „באַיער“ טוט. . . .
אינסטרוקציעס פון באָס:
ווי דער „בייער“ זאָל ניט
האַנדלען —
גוט אָדער שלעכט,
ער — דער קאָסטימער
איז אַלעמאָל גערעכט.

3

צווייטער אריינגאַנג
פונם ערשטן
היפּשלעך ווייט
דאָרטן, אַרונטער
אינגאַנצן אין אַ זייט
אַף דעם אַריינגאַנג
געלייגט ווינציק אַכט
יעם — סיר!
פאַר די אַרבעטער געמאַכט
פאַר די וואָס פאַרדינגען
מאַזאַליעטע הענט
דער אריינגאַנג
ווי דער שאָפּ
מיט פאַרדריפּעטע ווענט
נאָר ווער, איך בעט אייך
קוקט זיך אום אַף דעם
אַ פּאָר סענט פאַרדינען
איז די הויפּט פּראָבלעם.
אַ פרייע אַמעריקע,
זוכן אַרבעט
איז קיינעם ניט פאַרבאָטן!
ברוקלין, בראָנקס
קווינס, ניו דזשוירזי,
יעטוועדער געגנט
דאָ פאַרטראָטן.
מע קומט אַהער
אין ווינטער, אין שנייען,
אין פרעסט, און קעלטן,
אַרבעט אָבער
געפינט מען זעלטן.
כמעט שטענדיק
סלעק.
וואו איז די אַרבעט,

אין קאַנטרי אַוועק
אין שטאָט בלייבט
שיריים
אַפּן צונג אַ לעק
דערצו איז דער באָס
איבערקלייבעריש
אַ שרעק!
איר הערט דאָך:
ווען די קאָפּ
באָס אַרבעטער
ווערט אַביסל גרוי
וואָס איז שייך צו רעדן
ס׳איז וויי און אוי!
דער באָס האָט פאַר דעם
אַ פיינע רעקאָמענדאַציע:
גענוג געאַרבעט
נעם זיך אַ וואַקאַציע!
ער איז זייער
גוט-הערציק
אין מושב זקנים
שיקט ער
ווען דערגרייכט
קוים פערציק.
לויפט מען אַרום
ווי פאַרסם׳טע מייז
אַבי אביסל אַרבעט,
ווער קוקט אַף אַ פּרייז
ווערט מען זיך שטעלן
די ווענט עקזאַמינירן,
האַ?
ניטאָ מער
וואָס צו טאָן?
אַז מע קריגט
אַביסל אַרבעט
איז ווי לאַנג
דער סעזאָן?
זיצט מען אין שאַפּ
מיט די באַנדלעך
אין די קווישן
ר׳עדלעך לויפן,
מאַשינען רוישן,
זונשיין קנאַפּ
עלעקטריק
מוז ברענען,
זיצט מען
מיט אָנגעשטרענגטע
אויגן
די אַרבעט פליט
ווי פייל אויסן בויגן
אַ געאייל, אַ געיעג
אַריינכאַפּן וואָס מער
אין די עטלעכע טעג,
אַ דריי אַהער,
אַ דריי אַהין
און שוין,
פאַרדעק די מאַשין.
אין יוניאָן שעפּער
איז די לאַגע
אַוואַדע בעסער.
סיי דער סעזאָן
סיי דער פּרייז
איז היפּשלעך
גרעסער
אָבער ווי לאַנג
האַלט עס אָן?
ווייסט מען טאָקע ניט
מיט זיך וואָס צו טאָן
אין הויז
איז אוממעגלעך
בלייבן,
סע האַלט אין יאָגן,
סע האַלט אין אין טרייבן
אפשר, טאָמער. . . .
מע גייט און מע גייט
מע מעסט דעם גאַרמענט
סענטער
אין דער לענג
און אין דער ברייט

מע טרעפט באַקאַנטע,
שמועסן פאַרפירט מען
די לאַגע
דעבאַטירט מען.
נו, ברוך,
ביסט דאָך, ווי זאָגט מען
אַ מענטש מיט געהירן.
וואָס וועט דער סוף זיין?
מע קאָן דאָך קראַפירן
אַנשטאָט מאַזאָלעס
אַף די הענט,
קריגט מען אַף די פיס
נו עפן דאָס מויל ברוך
און גיב שוין אַ . . . ניס
וואָס רייבסטו זיך
דעם שטערן?
אַ קלוג וואָרט
לאָמיר שוין הערן.
סעך נישט קיין פּלאַן
מע דאַרף עפּעס טרייען,
מע דאַרף עפּעס פּרואוון.
און דאָ צעשרייט זיך
דער פּאָליסמאַן:
„קאַם אָן,
קיפּ מואווינג"!
אַף איין אָרט
לאָזט ער ניט שטיין
אָבער,
וואוהין זיך באַוועגן?
וואוהין זאָל מען גיין?

4

גאַרמענט סענטער,
ניט נאָר
צוויי פאַרשידענע
אַריינגאַנגען
אין די שעפּער
פאַראַנען,
ס'וואַרפן זיך
אָן די אויגן
צווייערליי רעסטאָראַנען
איינער פאַר די
מיט גרויסע הכנסות
פאַר סוחרים, מעקלער,
„בייערס" און באָסעס;
פּרייזן דאָרטן
מיט גאָלד צו גלייך
דערפאַר איז דאָרט אַלעס
מיט גלאַנץ, מיט שיק
שיינע ווייטערקעס
אַ קאַפּעליע מוזיק.
אַ ספּעציעלער מאַן
שטייט באַם טיר.
נו, אוואַדע
אַהין קומען דאָך
די פני העיר. . .
הויבט מען שוין אָן
זיי באַדינען פון דרויסן
מע עפנט אויף פאַר זיי
די טיר פון אָטאָמאָביל
די טיר פון רעסטאָראַן
אויב סע רעגנט
איז אַ שירעם פאַראַן.
כאָטש דער גאַנצער גאַנג
בלויז צוויי שפּאַן.
און אינעווייניק?
האַ! האַ!
ווי צום האָן
די הינער
קומען באַלד צולויפן
אַ מחנה באַדינער.
ספּעציעלע מענעדזשערס
שוועבן אַרום,
רעדן קיין וואָרט ניט,
„מענעדזשן" שטום.
פאַר יעדן געפינען
אַ פּאַסנדן פּלאַץ,
די קעלנערקע מוז שטיין
גרייט מיט דער טאַץ.

אַ סערוועטקע
זויבער און ריין.
וואָט וויל יו העוו סויר
אַ קאַקטייל
אָר שאַמפּיין?
זי שטרענגט זיך אָן
חן צו געווינען,
אַ גליק האָט איר
געטראָפן
אַ באָס צו באַדינען.

5

קאָפּעטעריע,
„סעלף סוירוויס“
מע באַדינט זיך
אַליין
מערסטנס בלויז אַרבעטער
זעט מען אַהין גיין.
אַ סך צייט פֿאַרלירן
קאָן מען זיך ניט פֿאַרגינען,
מע דאַרף באַלד צוריקלויפֿן
אין שאַפּ צו די מאַשינען.
מע טראַכט אַפֿילו ניט
אויסצוטאָן,
דעם מאַנטל, די היטל,
באַם אַריינגאַנג כאַפּט מען
אַ טשעקל, אַ קוויטל,
די קיך פֿון קאָפּעטעריע
דערגעבן ניט ווייט,
שטייען דאָרט מיידלעך
אַ פּאָר יונגע לייט
זייער אָנגעשטריינגט,
נערוויאיש, געשפּאַנט
די עסנס דערלאַנגען זיי
גלייך אין דער האַנט
יעדער איינער,
רייסט זיי באַ די פּאָלעם
העי, דו שנעלער,
אַ זופּ מיט פּאַסאָליעס!
דער וויל פֿון „פּאָטייטעס“
און דער פֿון טאָמייטעס
מיט אַ זעלטענער שנעלקייט
דאָרט גייט עס.
אַ ווילדער געאייל
קיין צייט ניטאָ
הונדערטער מענטשן
ווילן אָפּעסן
אין איין האַלבער שעה
עס טאָר חלילה
לענגער ניט דויערן,
דער טומל און גערויש
פֿאַרטויבט די אויערן.
דער אימפּעט פֿון שאַפּ
ווערט אַהער געבראַכט
לעפֿל קלינגען
טעלער קלאַפּן
אַ יאָגעניש צו די
טישלעך
אַ פּלאַץ פֿאַרכאַפּן;
לויפֿט מען צוזאַמען
מסתמאָ זאַלבע צענט
מיט די טעלער, לעפֿל
און גלעזער אין די הענט
איז אַ טישל דאָ
איז קיין בענקל ניטאָ
דערווייל באַגיסטו
יענעם מיט דיין קאַווע,
און אָט איז
אַף דיין מאַנטל
אַ צווייטנס פּאָטראַווע
האָסטו ענדלעך געפֿונען
אַ פּלאַץ ערגעץ וואו
שטייט שוין איינער
מיט אַ טעלער סופּ
און לאָזט ניט צורו.
מיסטער, שרייט ער,
גיט זיך אַ טרייסל,
ווער מיינט איר
זענט איר

דאָס אויבערשטע
פון שטייסל?
גיט איר אַף אַ מינוט
אַ דריי אום
דעם קאָפּ
איז דער באָס-באַי
שוין דאָ
און כאַפּט אַלץ אַראָפּ
פּוץ אין וועגעלע
נישטאָ שוין — אַוועק.
איר — אַ הונגעריקער
בלייבט מיטן טשעק
אַ טייערער אינגל
אַ בחור אַ ליבער
דעם טשעק נעמט ער ניט
ער לאָזט אים אייך איבער.
מוז יעדערער צוהאַלטן
זיין טעלער און גלאָז
אַז אַלץ כאַפּט מען צו
פון אונטערן נאָז.
ס'איז „ראַש האור"
וואָס איז דאָ צו ברייען?
מעקאָן זיך ניט דערלויבן
פּאַמעלעך צו קייען
ניט אַלע דאַרפן טישלעך
מע מאַכט עס שטייענדיק
אַנדערע אַפילו
באַווייזן דאָס גייענדיק
דער גאַנצער מאָלצייט, —
אַ קאַווע בלויז,
קוים מיט צרות אַ דיים
אויסגעקראַצט אין הויז.

6

אין גאַרמעט סענטער
אַן איבערקערעניש,
מע ווייסט ניט פונוואַניד
מע ווייסט ניט ווי אַזוי,
מע ווייסט ניט אַקוראַט
מע ווייסט ניט גענוי
גאָר וועמען אַרט עס
אַבי סע דאָ,
פּאַראַנען
אַ שפּאָגל נייע זאַך.
סלעק, ביזי, באַנדלס,
לאָזט אַצינד געמאַך.
אַ נייע טעמע,
אַן אַנדער שפּראַך.
סוויפּ-סטייק,
פערדלעך,
צעטלעך, לאָטעריי
אַ פאַרמעגן אַ גאַנצער
ליגט דאָך אין זיי.
ווער? וואָס? ווען?
וואָס הייסט?
יאָקל בן פלעקל
האָט אַליין געזען.
אויגן פאַרטראַכטע,
ליפּן פאַרשמאַכטע
אַ ניי לעבן אַריינגעבראַכט
אַ פרישן קאָליר.
הע, משה
קאָנסט אפשר קריגן
אַ צעטל פאַר מיר?
מ'האָט מורא
פאַרשפּעטיקן
האָבן וויל מען דאָס
וואָס גיכער
גוזמאות וועגן געווינסן
פליען ווי אַ וויכער
אַ פאַרמער פון אַלאַבאַמאַ,
אַ פאַראָרימטע דאַמע,
אַן אַרבעטער
באַ פּיאַנעס,
אַ פעדלער פון באַנאַנעס
פאַר צוויי דאָלער
געקויפט זיך
האָט יעדער אַ צעטל
און שוין אַט

גבירים פון שטעטל
די ציימונגגען טומלען,
געבן זייער פּאַטרעטל
געקייקלט
האָט די נייעס זיך
געיאָגט און געפלויגן
יעטווערן איינעם
געשטאָכן די אויגן:
— זעט אַליין
— גבירים, אַדירים
— שיעור ניט מיליאָנערן
— בלויז פּאָר צוויי דאָלער
— קאָן יעטוועדער ווערן
אויב פאַרשטייט זיך,
ער האָט נאָר די ווערט
און טרעפט אָן
אַפן דאָס —
אַפן מזלדיקן פערד.

7

זיצנדיק אין הויז
צי אין פּאַרק
אַף אַ באַנק,
מיט סוויפּסטייק פערדלעך
פאַרנומען
איז דער געדאַנק.
שלמה וויל געוויענען
אויב ניט אַ מיליאָן
איז אַ פערט-חלק
כאָטשע,
טאַקע וואָס מיינט איר:
זיין נשמה
איז פון קלאָטשע?
זיצט ער אין שאַפ
און רעדט צום מאַשין:
— אָט נאָך אַ פּאָר וואָכן
אַ מאַטניאַ איך געווין.
אַף כפרות
דאַן דאַרף איך דיך
פאַרדריפּעטע קאַטערינקע,

אַ רייכער מאַן ווער איך
און אַ ליידי — מיין כינקע,
לאָמיר נאָר געווינען
דעם פערטל מיליאָן
נישקשה, איך ווייס שוין
מיט געלט וואָס צו טאָן:
איך קויף מיר אַ הויז.
אַ פעקאַרד מאַשין
און כינקען אַ „פּאַר-קאָוט"
פון אמת'ן הערמאַלין
כ'פאָר באַלד קיין „יוראָפּ,
צו דער מאַמען
אַף קבר אבות
און טייל אויס אין שטעטל
גרויסע נדבות
(אַוואַדע, ווי דען?)
זיין פנים לויכט אויף
ווי אַ באָקסער ער קוועלט.
אין פאַנטאַזיע זעט ער שוין
אַ באַמבע מיט געלט.

8

צו וואָס מיר אַ יוניע
קאַמף און געראַנגל?
אין „סקימס"
אַף געלט מאַכן
איז איצט ניט
קיין מאַנגל.
פון שאַפּ פּראָבלעמען
ווילן די שלמה'ס
איצט גאָר ניט הערן
טאַקע, נו,
אַז אָט און באַלד
רייך וועט מען ווערן.

— — — — — — — —

זיצן די שלמה'ס
זיצן די אָורעמלעך
ווער אין די שעפּער,
ווער אין די קרעמלעך,
צו ווערן שנעל רייך

מע האַלט זיך אין גרייטן;
לייט מען, באָרגט מען
און צעטלעך קויפט מען
איינס נאָכן צווייטן.

— — — — — — — — — — —

דער סוף איז ווי אַלעמאָל
מסתמאָ האָט איר געהערט
אַז געוואונען
אוי-וויי-איז-זיי!
האָט גאָר אַן אַנדער
פערד.

די קליגערע כאַפּן זיך
פאַרשטייען דעם טריק:
אַ קאַפּיטאַליסטישע קונץ
פּאַפּירענער גליק;
איינער געווינט עפּעס
מיליאָנען פאַרלירן
דער אמת׳ער מיטל
אַלעמען אָרגאַניזירן.
סוויפּ-סטייק
פערדלעך
אַ הימל-שרייענדער
סקאַנדאַל!
מעכטיקע יוניאָנס
באַפּעסטיקט איבעראַל,
קאָן פירן דעם קאַמף
קעגן גרויס קאַפּיטאַל
פאַרלאָז זיך אַף
פערדלעך
בלייבסטו אַ פערד
און ליגסט ווייטער
זאָלסט מיר מוחל זיין
ניין איילן אין ד׳רערד.



פּײל און בויגן

# די טרונע

הער, כאַווער, הייב העכער דעם האמער,
אַז פאַלן זאָל ער מיט אַ קנאַל;
מיר גרייטן דאָך איצטער אַ טרונע —
אַ רו־פּלאַץ פאַר הער קאַפּיטאַל.

ניין, כאַווער, דאָס קעסטעלע טויג ניט —
ס׳איז קליין און סע שמאָל, אַ נו זעט!
מיר דאַרפן אַ קאַסטן אַ גרויסן,
דער הער קאַפּיטאַל איז דאָך פעט.

אָט די ברעטעלאַך טויגן דאָך אויך ניט,
מיר׳ן פטר׳ן אומזיסט דאָ אַ טאָג!
איר קענט דאָך דעם לץ שוין פון יאָרן
און קאָנט נאָך ניט שאַצן זיין וואָג?

נו, כאַווערל, לאָמיר ניט שלאָפן,
דעמבענע ברעטער אַהער!
גוטע, מאַסיווע און שטאַרקע,
מע דאַרף זיי האָבן וואָס מער.

און צוועקעס פאַרגעסט נאָר ניט, כאַווער,
זיי מוזן זיין שאַרף און גאָר גרויס;
לייגן מיר אַריין דעם בעל דבר
טאָ זאָל ער פון דאָרט ניט אַרויס.



# אַ פֿאַרנאַכט

## (באַלאַדע)

ווי נאָר עס איז דער טאָג פֿאַרביי,
זאָגט דער הימל צו דער זון:
נעם דיר שוועסטערל דעם וועג
האָסט דיין חוב שוין אָפּגעטון.

„שאַצסט מיין אַרבעט גאָרניט אָפּ"
מורמלט שטיל די זון פֿאַרשעמט,
פֿון בושה רויט איר פּנים ווערט
און באַם האַרצן נאָגט און קלעמט.

קאָנטיק אַז זי האָט קיין לוסט
פֿון דער סצענע שוין אַראָפּ;
האַלט זיך אָן אין זוים פֿון דר'ערד
מיט די לאָקן פֿון איר קאָפּ.

טויזנט שטראַלן יעדער לאָק
שיקט פֿאַנאַנדער מיטאַמאָל,
און באַגילדט דערמיט די ערד
הימל, וואַלד, באַרג און טאָל.

רחמים בעט די זון אַצינד
דורך די שטראַלן זי דערקלערט,
אַז זי ווערט צעדריקט, צעקוועטשט
צווישן הימל און דער ערד.

שטרענגט זי אָן איר גאַנצן כח,
ראַנגלט זיך צווישן זיי;
יעדער שטראַל איז אַ פֿאַרלאַנג,
אַ געבעט, אַ הילפֿסגעשריי.

זיצט דער פֿויגל אויפֿן בוים
וויינט און פּישטשעט אין דער שטיל
צו דערפֿילן קאָן ער ניט
וואָס די זון די ליבע וויל.

בויגט פֿאַר ווייטיק זיך דאָס גראָז,
שאָקלט בוים זיך הין און הער,

די טראַגעדיע פֿון דער זון
בייצוואוואוינען זייער שווער.

און דער הימל קוועטשט און דריקט
שטופּט מיט קראַפּט פֿון זיך די זון.
וואָס מיר יושר, ווער געבעט,
וויל ניט וויסן גאָר דערפֿון.

„גיי שוין גיכער אין דיין רו
סעט ניט העלפֿן קיין שום זכות“. . . .
וואַרפֿט די זון איר לעצטן שטראַל
פֿול מיט ווייטיק און פֿאַרדרוס.

שטייען אַלע שטאַרק פֿאַרזאָרגט,
יעדער איינער פֿילט זיך שלעכט;
— „ווי זשע קאָנסטו, הימל, זאָג
אַזוי האַנדלען אומגערעכט.—“
— — — — — — — — — —
גראַדע פּונקט אין אָט דער צייט,
אַף דער ווייך באַגראָזטער ערד;
ליגט זיך יאָסל אויסגעשטרעקט
און — ער כראָפּעט ווי אַ פֿערד.



# פליגן

## אַ לעקציע פון אַ צער בעלי-חיים'ניק

מיינע ליבע דאַמען און הערן:

איך וויל איר זאָלט וויסן אַז אַצינד שטייט פאַר אייך איינער פון די סאַמע איידלסטע, דעליקאַטנע מענטשן וואָס גיבן קאָן.

דער דורכשניטלעכער וועגעטאַריער צי צער בעל-חיים'ניק, האָט נאָר רחמנות אַף די גרויסע באַשעפענישן, איך ספּעציאַ-ליזיר זיך אַף די סאַמע קלענסטע באַשעפענישן וואָס גיבן קאָן און דאָס איז די פליג.

די מענטשהייט מיינע ליבע דאַמען און הערן, צערייסט זיך דעם פּעלץ צו ראַטעווען און צו באַגליקן אָדער דעם אייגענעם מין מענטש אָדער עפּעס ענלעכעס, קיינעם פאַלט אָבער ניט איין צו טאָן עפּעס פאַר דער פליג; רעדן וועגן איר, אָנווייזן די גרויסע פאַרדינסטן וואָס די פליג האָט, מאַכן איר פּאָפּולער און באַרימט, שאַפן אַ גינסטיקע שטימונג פאַר איר, ניטאָ אַזאַ; פאַרקערט: אין דער ליטעראַטור ווען מ'דערמאָנט שוין יאָ די פליג איז נאָר צום שלעכטן, קיינמאָל ניט קיין גוט וואָרט, מע נוצט דער פליג אַלס אַ שלעכטן ביישפּיל: „ער האָט זיך צוגעטשעפּעט ווי אַ זלידנע פליג" — סע זשומעט אים אין קאָפּ ווי פליגן וואָלטן דאָרט געווען" . . .

עס איז דעריבער ניט קיין וואונדער, מיינע ליבע דאַמען און הערן, וואָס די פליג געפינט זיך אַלעמאָל אין אַ פיינטלעכער אַט-מאָספערע. ווען די פייגעלעך קומען צוריק צו אונז זומער. באַ-זינגט מען זיי, סאָנעטן שרייבט מען וועגן זיי. ווען אָבער ווען די פליג באַווייזט זיך נאָך אַן אָפּוועזנהייט פון אַזאַ לאַנגן ווינ-טער, וואָס פאַר אַ קבלת-פּנים קריגט זי? ס'אַ שמאַך און שאַנד! זי, די פליג, אדרבא — מיט די בעסטע און שענסטע געפילן, קומט זי אַריין אין הויז, פליט אַרום, זי וויל זען צו אַלע זענען געזונט זי איז אַפילו פאַראינטערעסירט אין די שטוב זאַכן, פליט אַרום אין יעדן צימער פון הויז און פראָנט רום, אין שלאָף-צימער און קיך. זי וויל זען צו אַלעס איז אין אָרדנונג. זי איז דאָך אַזאַ לאַנגע צייט ניט געווען! מיינע ליבע דאַמען און הערן, זאָגט איר אַליין: טוען דאָס די פייגעלעך. שמעקן זיי אַפילו אַריין אַ קוק צו טאָן צי מיר לעבן נאָך צי ניט?

על פי שכל, על פי יושר, על פי מענטשליכקייט וואָלט דאָך באַדאַרפֿט זיין אַ גרויסע שמחה ווען די פליג באַווייזט זיך. ליידער אָבער איז עס פאַרקערט — דער מאַן כאַפּט אַ שטעקן, די פרוי כאַפּט אַ בעזים און אַלע קינדער פון קליין ביז גרויס הויבן אָן יאָגן דער ליבער פליג.

איך ווייס ניט ווי איר מיינע ליבע צוהערער, נאָר איך אַלס אַזעלכער האָב זייער ליב פליגן! שרעקלעך ליב! זיי זיינען קליין אין וואוקס. דערפאַר, פאַרשאַפן זיי אָבער גרויס פאַרגעניגן. ס׳איז דאָך ניטאָ קיין פריינטלעכערע באַשעפעניש פון אַ פליג! אָט למשל נעמט אַזאַ פאַל: איר זעצט זיך אַוועק שרייבן אַ בריוו. איר ברעכט זיך דעם קאָפּ. איר ווייסט ניט וואָס צו שרייבן. איר מוזט אָבער! ווער פילט אייך מיט? קיינער ניט אַ חוץ די ליבע, טייערע פליג. זי איז אייך גרייט צו העלפן מיט וואָס נאָר זי קאָן. זי שטעלט זיך אַוועק אָפן שטערן, העלפט אייך טראַכטן. זי זעט איר זייט צערודערט, האָט זי מורא טאָמער חלילה וועט ליידן די פונקטואַציע, שטעלט זי אַוועק אַ פינטעלע אָפן פּאַפּיר. זי פליט אַוועק, קומט באַלד צוריק, מאַכט נאָך אַ פינטעלע, וואָס וועט זי זשאַלעווען? זי איז אַ געלערנטע באַשעפעניש, זי ווייסט אַז אַ סך פינטעלעך מיינען עפּעס. . . .

נאָך אַ ביישפּיל פון געטריישאַפט: איר זיצט אין אַ רעס- טאָראַן. איר האָט אַן „אַפּאָינטמענט" מיט אַ באַקאַנטער. זי קומט אָבער ניט. איר וואַרט און וואַרט, די צייט רוקט זיך, אייער געליבטע רוקט זיך אָבער ניט, זי איז ניטאָ! איר פאַר- לירט דעם געדולד. איר גייט צום פענסטער, ווער העלפט אייך קוקן? קיין אַנדערער נאָר די פליג. זי איז אויך אויפגערעגט אָף אייער באַקאַנטער, איר הערט ווי זי מאַכט בוז-ז-ז. איר שטייט און וואַרט. אייער מאָגן וויל אָבער מער ניט וואַרטן. איר הייסט דערלאַנגען עסן. ס׳עסט זיך אָבער ניט. איר פילט זיך אומעטיק אַליין באַם טישל. ווער באַווייזט זיך דאַמאָלס? אייער באַ- קאַנטע? נאָוסער! עס באַווייזט זיך אייער אמת׳ער פריינט — די פליג. מיט אַ גרויסן „האַ-דו-יו-דו" שטעלט זי זיך אַוועק באַ אייך אָפן טיש, זי כאַפּט אַ קוק אָף אייער פנים. זי וויל אייך מאַכן פריילעך, זי וויל אייך מאַכן לאַכן. זי נעמט אייך קיצלען

אונטערן אויער. זי ראמט אייך איין אַ סוד אַז נישקשה, ס'איז ניט געפערלעך! צום האַרצן דאַרף מען זיך ניט נעמען און איר באשליסט טאַקע אַז די פליג איז גערעכט און אַנשטאָט זיך אָפּעסן דאָס האַרץ, וועט איר עסן דעם קאַלבס בראָטן. ער איז וואַרים און די באַקאַנטע איז קאַלט — א סימן זי קומט ניט.

איר הויבט אָן עסן, דאָס פאַר'חלש'טע האַרץ ווערט אַביסל אויפגעמונטערט. די פליג דערזעט עס, זי פרייט זיך, האַלט מיט. עסט מיט אייך צוזאַמען, פליט אַרויף אַפן פלעשל „קעטשופּ". לאָזט אייך וויסן אַז פלייש מיט „קעטשופּ" איז ניט שלעכט. איר ווערט פריילעכער. די פליג שפּרינגט און טאַנצט, קוועלט פון נחת, ענדלעך אייך אַרויסגעשלעפּט פון דער שלעכטער שטימונג.

די מעלות פון די פליגן איז גאָרניט אָפּצושאַצן, ניט נאָר ווען איר זענט וואַך איז זי מיט אייך, זי פאַרלאָזט אייך ניט אפילו ווען איר זענט אין שלאָף. זיצט איר בא דער אַרבעט און עס גלוסט זיך אייך שלאָפן, לאָזט זי ניט. דער פאָרמאַן קאָן נאָך אָנקומען, צי דער באַלעבאָס. ניט נאָר באַטאָג איז די פליג מיט אייך, ווען איר גייט אין בעט איז זי אויך דאָ, זי פאַרלאָזט אייך קיינמאָל ניט.

ווען עס קומט דער מאָמענט, איר שלאָפט ענדלעך איין און הויבט אָן שפּילן אַף אייער טרומפּייט. די אמת'ע מוזיקאַלישע טענער הויבן אָן אַרויסשטראָמען פון נאָז, ווער איז דער יעני־קער וואָס שאַצט עס אָפּ? קיינער אין דער פאַמיליע איז ניט קיין מבין דערויף. פאַרקערט, זיי קאָנען דאָס ניט פאַרטראָגן. זיי פּראָטעסטירן, זיי שרייען אַז איר כראָפּעט, איר שנאָרכעט. איר לאָזט קיינעם ניט שלאָפן.

די איינציקע גאָט־געבענטשטע וואָס האָט אָן איינגעבוי־רענעם חוש פאַר אָט דער דעליקאַטער און פיינער מוזיק איז די פליג. זי שטעלט זיך אַוועק אַפן שפּיץ נאָז און הערט זיך צו צו יעדן קלאַנג, צו יעדן טאָן וואָס די נאָז שפּילט אוים בעת איר שלאָפט.

איך וויל אייך דערציילן אַ סוד מיינע ליבע צוהערער: אַלע מענטשן זיינען מוזיקער, זיי ווערן אָבער איינגעטיילט אַף צוויי

חלקים. איין טייל זיינען מוזיקער ווען זיי זיינען אַף דער וואַך און דער צווייטער טייל ווען זיי שלאָפן. דער אונטערשייד איז נאָר וואָס די וואַכנדיקע מאַכן עס מיטן מויל און די שלאָפנדיקע — מיט דער נאָז. א מבין אַף שלאָף-מוזיק איז נאָר די פליג, ווייל נאָר זי קאָן אָפּשאַצן דעם אמת׳ן ווערט פון די צאַרטע, פיינפילנדיקע קלאַנגען וועלכע שטראָמען ארויס פון נאָז.

נאָך איין ביישפּיל וועל איך אייך ברענגען: אָט למשל נעמט מיר — דעם לעקטשורער איבער פליגן, מערסטע פונם עולם שלאָפן איין, קומען די פליגן און וועקן זיי אויף. די פליגן, ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, זיינען געלערנט און אינטעליגענט, ווייסן זיי טאַקע ווי וויכטיק און באַלערנד מיין לעקציע איז. דער עולם אָבער איז אומוויסנד, שלאָפט ער איין און ווען די פליגן וועקן זיי אויף, רוקט מען זיך שטילערהייט ארויס פון זאַל. איידער איך פאַרענדיק מיין לעקציע צעגייען זיי זיך ווי זאַלץ אין וואַסער. די איינציקע וועלכע בלייבן באַ מיין לעקציע זענען די פליגן. זיי פאַרלאָזן ניט דעם זאַל אָט פונקט אַזוי ווי איצט. לאַנג לעבן זאָלן זיי! זיי שטייען אַף זייערע פּאָסטנס. די פליגן וועלכע קאָנען בעסער הערן, געפינען זיך ווייטער אין זאַל און די וועלכע הערן שוואַכער זענען נעבן מיר אַף דער פּלאַטפאָרמע.

דעריבער זאָג איך: וואָס טויג מיר אייערע מעשׂות, מיט די קאַמפּאַן, מיט די דעמאָנסטראַציעס, איך בין זיך מודה ומתודה אַז איך בין עס אייך מוחל. מיר גיט די פליגן וועלכע פאַרזיסן דאָס לעבן און ארבעטן פאַר א בעסערער און שענערער וועלט, וואו די פליגן וועלן פאַרנעמען דעם סאַמע אויבן־אָן און די מענטשהייט וועט קאָנען רואיק כראָפּן און די געטרייע פליגן וועלן אַפּלאָדירן און פּאַטשן בראַוואָ. טרי טשירס פאַר די פליגן — הוראַ! הוראַ! הוראַ! ( א פליג שטעלט זיך באַ אים אַף דער באַק, ער גיט זיך א פּאַטש און מיט פאַרשצעמעטע ציין, מיט א זייט מויל, זשיפּעט ער ארויס) געהרג׳עט זאָלט איר ווערן! איך „טרייע" מיין בעסט פאַר אייך און איר דע..גייט מיר די יאָרן. (ער שטרענגט זיך אָן צו שמייכלען צום ע׳לם)

# רוסלאַנד - סאָוועטנפאַרבאַנד

**(רעציטאַציע)**

ס'אַמאָל אַ צאַר געווען
אימפּעראַטאָר ניקאָליי.
ס'אַמאָל אַ לאַנד געווען
פול מיט שקלאַפעריי.
פּויערים, ערד־אַרבעטער
ניט געהאַט קיין ווערט
געשמיסן, געיאָגט זיי
פונקט ווי די פערד.
העי־עי אוכניעם!
העי־עי אוכניעם!
שנעלער, פליסיקער!
צעפוילטע באַנדורעס.
לעבעדיקער, פריילעכער,
איר הינטישע שקורעס!
שטופּט דעם אייזן.
שלעפּט דעם אַקער,
גיכער! גיכער!
נו — געשמאַקער
זאָל זיך גיבן
אַ צעפּלאַקער!
העי־עי אוכניעם!
העי־עי אוכניעם!
אַ מאַטניאַ מיט געלט
דאַרף דער פּאָרעץ
האָבן,
איז געאַקערט
און געגראָבן
אַז ס'זאָל גיין אַ רויך!
העי, סקאָטינעס
מיטן גאַנצן כח!
אַקערט, אַקערט
ס'איז קורץ און שאַרף
דער פּאָרעץ זאָל לעבן
דאַרף,
דאַרף און דאַרף און דאַרף,
אויסהאַלטן שאַנשאַנעטקעס —

בלאָנדע און ברונעטע,
קויפן ווידער
אַ נייע קאַרעטע,
נאָך אַ צען
אַראַבער פערד —
גראַבטשע
מיט'ן נאָז די ערד;
ניט געשטאַנען,
ניט גערוט,
די נאַגייקע
און דער קנוט,
וועט שמייסן
ביזן בלוט.
שטעלט זיך ניט
אַנטקעגן,
קיין שאלות
קיינמאָל פרעגן.
ס'איז דעם צאַר'ס
געבאָט,
ס'אַזוי באַשערט
פון גאָט
דער גלח ווייסט דאָך
וואָס ער רעדט,
יעזוס מאַריע'ן
ער פאַרטרעט.
— — — — — — — — —
העי־עי אוכניעם!
העי־עי אוכניעם!
און דו אַרבעטער!
ביסט נישט בעסער
פון מוזשיק.
ליג זשע איינגעלייגט
אין פאַבריק,
שוויים
פאַרקויפט מען ניט
אַף דער וואָג,

שקלאַף זשע
אכצן שעה
אַ טאָג.
שכירות געם
פיל מע גיט דיר,
קיינע קונצן
ווייל מע היט דיר.
מעגסט זיך מאַטערן,
מעגסט זיך פּלאָגן,
סטרייקן אָבער
זאָלסט נישט וואָגן,
געדענק עס
דו פּאָדלעץ,
ס׳איז קעגן
צאַר׳ס געזעץ!
מעט ניט דולדן
די משוגעת׳ן.
מעט רייסן
פון דיר שטיקער,
מעט שינדן
פון דיר פּאַסן.
— — — — — — — — — —
ס׳איז אַמאָל אַ צאַר געוועזן
ניקאָליי צו אַלעקסאַנדער,
קיין גרויסער חילוק
ניט געוועזן,
טיילט זיי ניט פאַנאַנדער
ס׳האָט געהערשט
אַ שוואַרצער כח.
ס׳האָט רעגירט
אַ טעמפּער מח.
אַרבעטער, פּויערים,
האָרעפּאַשניקעס, —
ווער זיינען זיי?
וואָס זיינען זיי?
זשלאָבעס
און כאַמולעס,
זיי דאַרפן זיך
ניט לערנען.

זיי דאַרפן ניט
קיין שולעס,
ניט זומער
און ניט ווינטער
וואָס מער
אַנאַלפאַבעטניקעס,
אַלס בעסער
און געזינטער.
צערקוועס, קלויסטערס
דאָס דאַרף מען
גראָד אַ סך
וואָס מער הייליקע
זאָלן פאַרשטיין
דעם פּאַך
אַרכירייען
און גלחים,
דעם קייסער
זינגען שבחים,
„באָזשע צאַריאַ כראַני"
„הנותן תשועה למלכים.
— — — — — — — — —
ס׳איז אַמאָל אַ צאַר געוועזן
אימפּעראַטאָר ניקאָליי,
ס׳איז אַמאָל אַ לאַנד געוועזן
פול מיט טיראַניי.
איבעראַל, אומעטום
טורמעס, קאַזעמאַטן, —
אַנגעפילט, אַנגעפּאַקט
מיט יונגע יאַטן.
נישט געוואָלט
האַלטן ס׳מויל,
גיי זשע בחור
אין טורמע פויל.
מ׳האָט געשטיקט
און געדריקט
פרייהייטס קעמפער
אין סיביר פאַרשיקט
אין צאַר׳ס אויגן
ביסטו אַ דאָרן

װערזשע אין סיביר
פאַרפרוירן
דער צאַר איז געטלעך
דער צאַר איז הייליק
נעם אַן אַלץ
מיט פאַרגעניגן
טאָמער װעסטו ניט,
אַ פּסק אַ שטרענגן
װעסטו קריגן:
אַף דער תליה
װעסט זיך װיגן.
— — — — — — — — —
ס׳איז אַמאָל אַ צאַר געװען
ניקאָליי צי אַלעקסאַנדער
געװען איז דער נאָמען,
ס׳איז אַ לאַנד געװען
מיט שטענדיקע פּאָגראָמען.
ראַסנהאַס
האָט מען געזייט,
פעלקער שנאה
צעבלאָזן און צעשפּרייט
דחקות, נויט —
װיינציק ברויט
מאַסן זיינען אומצופרידן
דאָס כּפּרה־הינדל
װערן דאַן די אידן.
אַן אַלט כּיטל:
זאָל מען אידן
פּאָגראָמירן,
װעט מען װיינציקער
פּראָטעסטירן.
שטענדיק געהעצט
אין קלויסטערס,
אין גאַזעטן,
דורך ספּעציעלע
קאָמיטעטן,
דורך געהיימע
שטאַפּעטן.
רוסישע בירגער!
װי לאַנג איז דער שיעור
צו זיין נאַראָנים?
די פאַרדאַמטע אידן
אינזערע ערגסטע
שונאים!
פאַרכאַפּן אונזער
הייליק לאַנד!
ברענגען אַף אונז
שפּאָט און שאַנד.
זיי זיינען שולדיק
אין אַלע אומגליקן
אין אַלע צרות
צייט צו שלאָגן
מיט זיי כּפּרות.
װאָס שװייגט איר?
װאָס שטייט איר?
איר שעמט זיך?
אַנו, נעמט זיך!
יעזוס און מאַריע
װעלן אייך באַגליקן
דירעקט פון הימל
זייער ברכה שיקן
נאָר װאָס געקראָגן
פון דאָרט די ידיעה,
אריין גלייך אין גן־עדן
װעט איר האָבן די זכיה,
געדענקטשע:
„בעי זשידאָװ
אי ספּאַסיי ראָסיע״

די אָנפירער,
די בעלי־דעה
געװען איז
ד שװאַרץ־מאָה
אַ רייכע באַנדע
מיטן צאַר
געקניפּט און געבונדן
זיי האָבן
דעם פייער געצונדן

צוזאַמענגעשלעפּט
כוליגאַנעס,
בויאַנעס, קאַטערזשאַנעס
בעסטיעס, קאַנאַליעס
פאַרפלייצט
די אידישע געטאָס
מיט פּאָגראָמען כוואַליעס
האָט מען אידן
געשלאָגן, געשמיסן
בייכער אויפגעריסן
מיט הייסע שפּיזן
געשטאָכן,
האָב און גוטס
צעשטערט און צעבראָכן
די רעגירונג גופא
אָפן, אָפיציעל,
פון די אָרימע אידן
געזוכט צו מאַכן
א תל
און איך געזעצלעך
אַטאַקירן,
„קראָמע יעוורעיעוו"
זאַקאָנעס
געהאַלטן אין איין
פאַבריצירן:
דאָ זיץ ניט.
דאָ שטיי ניט.
דאָ פאָר ניט,
דאָ גיי ניט
אַ שטרענגער פאַרבאָט
העי זשיד,
טאָרסט ניט וואוינען
אין דאָרף
און אין אַ גאָר
גרויסער שטאָט.
אינמיטן נאַכט
דער זשאַנדאַר
וועט דיר געבן אַ כאַפּ,
און צענדליקער מיילן
מוזטו גיין אין „עטאַפּ"
שרעקלעכע געזעצן
זיינען געשאַפן
געוואָרן
וואָס מער דעם אידן
דערגיין די יאָרן
געזעצן — אַף געזעצן
דאָס רעכט צו אָטעמען
וואָס שטאַרקער
באַשרענקן,
ערלעכע אידן,
אמת'ע אידן
וועלן עס שטענדיק
אַלעמאָל געדענקען.

2

דער וועלט-באַלעבאָס —
הער קאַפּיטאַל,
אין ניינצן פערצן
גיט דעם סיגנאַל:
ליבענקע פריינט,
שנעלער, ביטע!
דעם פאָרהאַנג ציט אַרויף
הויבט אָן די שחיטה.
אַז ער זאָגט,
פאָלגט מען;
אַז ער הייסט,
טוט מען;
וואָס הייסט
מעט ניט טאָן?
אין אויגוסט פיר,
די מלחמה
הויבט זיך אָן,
צאַר ניקאָליי —
וואו צוויי,
טרעפט איר אים
אַ דריטן;
ער, מיט די קרומע פיס
איז אויך דאָ
אינמיטן.

מענטשן-פּלייש
פאַר קאַנאָנען,
האָט ער
אין די מיליאָנען.
די וואַשנע גענעראַלן
וועלן ווייזן
וואָס זיי קאָנען.
די גרויסע צעלייגער,
סטראַטעגישע ריזן,
זייער העלדישקייט
באַלד באַווייזן.
חוץ שיכורן,
פרעסן און זויפן,
זיינען זיי בריות
צוריקוועגס צו לויפן
מיט היפּשע,
וואַשנע רעזולטאַטן:
שטעט און דערפער
פאַרלירט מען,
הונדערטער טויזנטער
סאָלדאַטן.
כדי צו ראַטעווען
די סיטואַציע,
אַלע מאָנטיק
און דאָנערשטיק
אַ נייע מאָביליזאַציע.
גרויס איז רוסלאַנד,
אַ זעקסטל
פון דער וועלט. —
קאַנאָנען-פּלייש
האָט דאָרט ניט
געפעלט.
די מלחמה
האַלט אָן.
די מלחמה גייט אָן;
וואָס איז שייך
צו זאָגן,
דאַרף מען אָנגיין
און ווייטער
זיך שלאָגן;
ראַטעווען
די פאַרלאָרענע ערע
פון צאַר ניקאָליי.
און אָט,
אַריבער אַ יאָר
און צוויי און דריי,
רעוואָלוציאָנערע
אַגיטאַציע,
פּליום
ענדלאָזן קריג,
דער מח באַ די מאַסן
גיט זיך אַ צעוויג.
דער האַס און כעס,
פאַרוואַנדלט זיך
אין דינאַמיט.
שטייף ווערן פויסטן
ווי שטאָל און גראַניט.
באַשלאָסן ווערט:
גענוג מלחמה!
גענוג ניקאָלייקע!
גענוג שקלאַפעריי!
גענוג נאַגייקע!
דריי הונדערט יאָר,
פון די ראָמאַנאָוום
געליטן,
אַרונטער
מיט די פּיאַווקעס,
פּאַראַזיטן!
מיט דער פאַרשאָלטענער
אינסטיטוציע;
איבער רוסלאַנד
צעדונערט זיך:
ר-ע-וו-אָ-ל-ו-צ-י-ע!
מעט גרינדן אַ רעפּובליק,
אַ נייע קאָנסטיטוציע;
נייע געזעצן,
נייע רעגירער —
אַלעקסאַנדער קערענסקי

ווערט דאַן דער פירער.
נו נעם זשע בחור
פאַנאַנדער די הענט!
אַ רענדל יעדע מינוט,
די צייט ברענט!
פון דעם אַלטווארג,
וואָס שנעלער
דאַרף מען ווערן
פּטור.
קערענסקי יאָגט זיך ניט,
צייט האָט ער;
מע טאָר ניט, זאָגט ער,
מאַכן
קיין פוילע שטוקעס
מיט רייכע מענטשן
מיליאָנערן —
סע ניט קיין קאַבצעניוקעס!
באַ די באַלעבאַטים
טרערן פון פרייד
גענומען אַזש רינען.
קערענסקי,
אַ טייערער בחור,
ער האָט אונז
אינזינען.
מען דאַרפן צום יאָר
אים מאַכן אַ יובילײ. . .
קומט אָבער לענין
און די
באָלשעוויסטישע פּאַרטיי,
קערענסקי;
ביזט אַ זיידענער
יונגערמאַן,
מיר האָבן פאַר דיר
אַ טייערן פּלאַן:
נעם דיין
שטאָק און הוט,
גיי זיך שפּאַצירן.
די רעוואָלוציע,
וועלן מיר שוין פירן.

3

ס'איז אַמאָל אַ צאַר געווען
אימפּעראַטאָר ניקאָליי
געוואָרן פון אים פּטור,
דאָס לאַנד איז איצט פריי.
זיך אַביסל
דאָ אָפּשטעלן
ממש עס בעט זיך,
ווייל סע טוט זיך ניט
ווי סע רעדט זיך.
רעוואָלוציע אַהער,
רעוואָלוציע אַהין,
די פאַבריקאַנטן,
באַנקירן,
פון אָרט,
וויל מען זיך ניט רירן,
זיי ווילט זיך ווייטער
די גרענדע פירן.
ווי אין די גוטע
אַלטע צייטן,
האַלטן די לייצעס;
ווערן שנעל מאָביליזירט
גאַנצע האָרדעס
וויים-גוואַרדייצעס.
די ליבע, אַלטע
רוסלאַנד,
גייען זיי „ראַטעווען"
אַ פּאַר גענגנטן
פאַרכאַפּט,
נעמט מען באַלעבאַטעווען.
זייער העלדישקייט
באַשטייט
אין שמייסן און קאַטעווען
וואָס ווייטער,
ווערן זיי
שטאַרקער צעיושעט —
די ערגסטע חיות
שטייגן זיי איבער;
לעבעדיקע מענטשן,

פאַרשיטן זיי
אין גריבער.
געפעלט ניט אימיצער
מאַכט מען ניט
קיין שיהות.
מע פירט אַרום
מיט זיך
פאַרטיקע תליות.
לעבנס, אייגנטום —
אַלץ וואָס קומט
אונטער די הענט,
ווערט גרויזאַם
פאַרניכטעט,
צעשמעטערט, פאַרברענט,
וואו אַ פּיס געשטעלט
איז אַ חורבן געוואָרן.
אַף אידן איבערהויפּט
גיסט מען אויס
דעם צאָרן.
מיט דער צושטימונג
פון אָפיצער,
מיט גענעראַל׳ס
הסכמה.
אָפן און פריי
נעמט מען נקמה.
טייפלישע איינפאַלן
ווערן אָנגעווענדט:
פאַר עלטערן
אין די אויגן,
טעכטער געשענדט.
גאַנצע פאַמיליעס,
לעבעדיקערהייט
פאַרברענט.
אַזוי ראַטעוועט מען
רוסלאַנד
פון באָלשעוויסטישע
הענט.
— — — — — — — —
מלוכות פון דער וועלט —
לענדער ציוויליזירטע,
פון דער לאַגע אין רוסלאַנד
ממש גערירטע!
פונוויטנס,
גלייכגילטיק שטיין?
אַ ניין!
גענומען אריינשיקן
קיין „רוסלאַנד“
סאָלדאַטן.
קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס?
חלילה!
די באָלשעוויקעס
צו באַשטאַטן.
העלפן זייערע פריינט —
באַלעבאַטים, באַנקירן,
צוריק ארויף
אַפן לייטער.
אַזוי גייט עס שטענדיק:
איין האַנט
וואַשט דער צווייטער.
זייער איידעלע הענט!
אַלץ איז אויסגערעכנט
סעט זיך מירצישעם
באַצאָלן מיט פּראָצענט.
פאַר די אַרבעטער
און פּויערים,
און באָלשעוויסטישע
פירער,
אַ פיינע סיטואַציע!
צעלעכערטע שיך,
צעריסענע קליידער,
צעוואַליעוועטע היטלען,
אָרים, נאַקעט —
אָן שום מיטלען.
געיאָגט, געשטויסן,
פון אינווייניקסטע
באַנדיטן,
און שונאים
פון דרויסן.

אָבער,
רעוואָלוציאָנערער כח
קאָן אַלץ באַזיגען!
העי־עי אוכניעם!
העי־עי אוכניעם!
אין די אויערן
קלינגט נאָך
דער שווייסיקער ניגון,
איז נאָכאַמאָל
די הענט באַשפּיגן;
אַריין אין עקסטאַז.
העי־עי אוכניעם!
העי־עי אוכניעם!
יעשטשאָ ראַז.
פון קיעוו, פּעטערבורג,
פּאָלטאַוואַ, קאַווקאַז —
פּייל אויסן בויגן.
זיינען די שונאים
געפלויגן.
— — — — — —
כאַווירים, פריינט,
אַרבעטער, פּויערים!
לענינ׳ס שטימע
דונערט,
אין אַלע ווינקעלעך,
קאָן מען זי הערן.
מיר נעמען זיך
צום בויען,
מיר ווערן פּיאָנערן.
דאָס לאַנד איז חרוב,
מיר הויבן אָן פונסניי,
ס׳איז אונזערס
לאָמיר אַרבעטן
געטריי.
— — — — — —
העי־עי אוכניעם!
העי־עי אוכניעם!
איצט האָט שוין דער ניגון,
אַן אַנדער מין זינען:

מיט כחות באַנייטע,
פון שונאים באַפרייטע,
פון בלוט
און פון שאַנד,
בויט מען פלייסיק
סאָוועטנפאַרבאַנד.

4

טרו־טו־טו־טו!
טרו־טו־טו־טו!
1937 — 1917
20 יאָר הערשאַפט
פון אַרבעטער
און פּויערים סאָוועטן,
20 יאָר רעגירונג
אָן באַלעבאַטים,
אָן מאַיעסטעטן.
פון אַ צוריקגעשטאַנען
לאַנד,
מיט מיליאָנען
אַנאַלפאַבעטן,
זעט וואָס ס׳איז
געוואָרן!
די שטאַרקסטע
אָפּטימיסטן,
די גרעסטע פאַנטאַזיאָרן,
מויל און אויגן
באַ זיי אָפן.
וואָס האָט דאָ פּאַסירט?
וואָס האָט געטראָפן?
ווי׳ז׳ס מעגלעך?
אַנו גיט נאָר אַ טראַכט!
סע קלינגט דאָך,
ווי אַן אַראַבישע
מעשה,
פון טויזנט
און איין נאַכט.
אַ לאַנד פון קאַניצלעך
קעראָסין לאָמפּן —
איז געוואָרן

עלעקטראָפיצירט,
אַ לאַנד
פון האַנטמילכל —
אינדוסטריאַליזירט.
אַ לאַנד
פון אַלטמאָדישן אַקער,
באַאַרבעטן ערד,
צעבראָכענע וועגענער,
דערשלאָגענע פערד,
ער זאָל אַ טראָט געבן
געדאַרפט זיך
באַ אים בעטן,
לאַנג מיט אים טענה׳ן:
אַצינד אָבער,
אויטאָמאָבילן
טראַקטאָרס, קאָמביינען
אַ לאַנד פון צערקוועס,
זיך קניען און בעטן
צו אויסגעמאָלטע
געטשקעס
און „הייליקע“ פאָרטרעטן;
איצט טויזנטער
גימנאַזיעס,
טעכניקומס,
אוניווערזיטעטן.
יונג און אַלט,
פלייסיק שטודירט;
די אַמאָליקע
עמי-הארצות,
גענצלעך ליקווידירט.
אַ לאַנד
וואו געווען איז
די פרוי טאָפל
פאַרשקלאַפט,
טאָפל מאָל וויי,
צוויי מאָל אוי,
סיי אַלס מענטש,
און ספּעציעל
אַלס פרוי;
חוץ,
קיך, קירכע, קינד,
קרענק, קדחת
און קלעפּ.
אַצינד אָבער
קיין שום חילוק פאַראַן
צווישן פרוי און מאַן.
אויס שקלאַף,
אויס קנעכט,
די זעלבע פּריווילעגיעס
די זעלבע רעכט.
זי מישט זיך איצט
אין עקאָנאָמיק,
פּאָליטיק,
שטאַרק פאַרטראָטן.
אין ספּאָרט,
אין מוזיק,
און וואו דען ניט?
זי צייכנט זיך אויס
אַף יעטוועדן געביט.

אַ לאַנד
וואו פון קינד,
אַ קנאַפּן צימעס
זיך געמאַכט,
פאַר אַן אָנשיקעניש
באַטראַכט;
נאָך אַ קינד,
נאָך אַן עסער —
די הוצאָה
מאַכט עס גרעסער.
האָדעווען
אַן אומזיסטן שקלאַף;
פאַרן פּאַריץ,
פאַרן גראַף?
ווערט ס׳קינד געהיט,
פון ערשטן טאָג
אַף יעדן שריט און טריט.
דערצויגן ווערט עס

מיט ליבשאַפט,
מיט פאַרשטאַנד,
ווייל ניט אַ שקלאַף
נאָר אַ פרייער בירגער
פאַר סאָוועטנלאַנד.
אַ לאַנד
פון שטענדיקן הונגער,
דחקות, נויט;
איצט איבערגענוג,
פיש, פלייש און ברויט.
אַ לאַנד
פון צעפוילטער
סאָלדאַטשינע,
געקאָנט צעקלאַפּן איר
אין איי, שמיי, דריי,
איצט אַן אומבאַזיגבאַרע,
רויטע אַרמיי;
די שוץ וואַנט
פון דער סאָוועטישער
מדינה;
שונאים,
ווערן פאַרברענט אַזש
פון קנאה,
מוזן שטיין פונווייטנס
און שלינגען די סלינע.
אַ לאַנד
וואו נאַצ-מינד
געווען פאַרשקלאַפּט,
צווייפאַך
אונטערדריקט,
איצט מיט גלייכע רעכט,
מיט פרייהייט באַגליקט;
פולע אויטאָנאָמיע
אין דער אייגענער שפּראַך.
האָט אין אַן אַנדער לאַנד
פּאַסירט ווען
אַזאַ זאַך?
אַ לאַנד וואו אַ דאַנק
דער צאַרישער פּאָליטיק,
איין פאָלק דעם צווייטן
געקאָנט אויפהענגען
אַף אַ שטריק.
אַצינד אָבער
אוים קריגעריי,
אוים סומאַטאָכע,
אַלע צוזאַמען
איין גלייכע משפחה;
שאַ, שטיל.
פרידן, שלום.
קלינגט עס נישט
ווי אַ פאַנטאַסטישער
חלום?
אַ לאַנד וואו אידן,
האָבן שווידערלעך
געליטן,
פון אומוויסנדע
כוליגאַנעם
און געלערנטע
אַנטיסעמיטן,
פון חיונה, פרנסה
געווען אָפּגעשניטן;
פאַרלאַכט און באַשפּיגן,
בלבולים און ליגן
געדאַרט און געקוואַרט
אין געטאָס פאַרשפּאַרט
אַצינד אָבער,
פרייע בירגער
אין לאַנד פון סאָוועטן,
גלייכע רעכט
מיט אַלע
נאַציאָנאַליטעטן.
ניטאָ קיין חילוק
צווישן איד און גוי.
מע הערט ניט מער
דעם קרעכץ,
פאַרשוואונדן
איז דער „אוי“.
היינט זאָגן

צו אַ איד:
עך טי זשיד!
איז אַ גרוס
פאַרברעכן.
אידן געפינען זיך
אין אַלע אינדוסטריעס,
אין אַלע צעכן,
אין דער רעגירונג
אַרמיי און מיליציע.
פאַר אידן איז אָפן
יעדע פּאָזיציע:
פירער פון עראָפּלאַן,
אַרמיי-קאָמאַנדיר,
שיפס-קאַפּיטאַן;
דערצו נאָך געקראָגן
אַ גרויסע טעריטאָריע
בירא-בידזשאַן.
נאַטירלעכע אוצרות
פאַראַן דאָרט אַ סך;
נעם איד, באַזעץ זיך,
פיר דאָס לאַנד,
אַף דיין אייגענער
שפּראַך.
ס'איז דיינס,
קאָנסט זיך פאַרגינען.
נו!
קאָן מען אין געשיכטע
אַזאַ ביישפּיל
געפינען?
ניין!
אַזוינס ניט געזען,
אַזוינס ניט געשען.
גליקלעך, צופרידן,
זיינען
סאָוועטישע אידן.
אויסגעגלייכט
דעם רוקן,
געזונטע,
פריילעכע פּנימער.
אַ מחיה צו קוקן.
פאַרשוואונדן
דער מאַטעווער בליק,
דער טרויעריקער.
דער מידער.
איצט הערט מען
זיי זינגען
לוסטיקע לידער:
„דאָ אין סאָוועטנלאַנד,
אין דעם לאַנד
דעם פרייעם,
בויען זיך
די אידעלעך
אַ לעבן גאָר אַ נייעם"
— — — — — — — —
20 יאָר רעוואָלוציע!
20 יאָר סאָוועטנפאַרבאַנד!
ריזיקע דערגרייכונגען!
קאָלאָסאַלע דערפאָלגן!
טראָץ סאַבאָטאַזשניקעס,
שעדיקער און ברעכער,
שטייגט דאָס לאַנד
אַלץ העכער און העכער.
שטעלט זיך ניט אָפּ
אַף קיין איין מינוט.
מיט אַן אויסגעפּלאַנטן
מאַרשרוט,
פאָרויס, פאָרויס
האַלט עס אין איין
גיין און גיין און גיין.
20 יאָר סאָוועטנפאַרבאַנד.
אַ צויבער-מעשה,
פאַר גרויס און קליין.
העי-עי אוכניעם!
העי-עי אוכניעם!
ראַז דוואַ! ראַז דוואַ!
כאַ-כאַ-כאַ
כאַ-כאַ-כאַ
כאַ-כאַ-כאַ-כאַ!
הורא! הורא!
הורא-אַ-אַ-אַ!

## עד מיר אַ מדינה
### (מאָנאָלאָג)

הער נאָר, יונגערמאַן,
וואָס האָב איך געהערט?
בירא-בידזשאַן
פאַר אַ אידישער מדינה
איז געוואָרן דערקלערט?
איז'ס אמת,
אָדער אַ שפּאַס?
מיט אָט די רייד
כאַפּט מיך אָן
אַ לאַנדסמאַן אין גאַס.
יאָ, — זאָג איך, — ס'איז אמת,
אודאי, ווי דען?
גיט זיך ביים לאַנדסמאַן
די אויגן אַ צעברען —
אויב דאָס , זאָגט ער, איז אמת,
וועט דאָך זיין גוט!
וועט דאָך זיין וואויל!
פּרנסה וועט זיין
אַ פול מויל,
מ'עט דאָך דאַרפן און דארפן:
אַ דיין, אַ רב, אַ שוחט
מיט אַ חלף אַ שאַרפן
אַ מסדר-קידושין, אַ מוהל,
וואָס פאַרשטייען דעם פאַך.
איך מיין, אַז ניט איינעם,
נאָר טאַקע א סך.
אַ קלייניגקייט,
אַ אידישע מדינה!
מ'עט זיך נויטיגן אין חזנים
מיט אמת'ער נגינה,
און הענדלער וואָס פאַרקויפן
אַ ספר-תורה, אַ חומש,
אַ מחזור, אַ תחינה;
מ'עט דאַרפן תפילין
און כשר'ע טליתים,
אַ חברה קדישא
צו באַגראָבן די מתים,

אַ היפּש ביסל מלמדים,
פֿאַר אַ חדר, אַ ישיבה
און גלאַט פֿרומע אידן,
משניות-לערנער
און די וואָס זיצן
פֿאַר אנדערע שבעה,
היינט מצה-בעקער,
מצבה-העקער,
אַן אתרוג-טראָגער,
אַן אל-מלא-רחמים זאָגער,
קריעה-רייסער,
מלקות-שמייסער,
גבאים, שמשים
און רביים —
אמת'ע מיוחסים. . . .
אַי! אַי! אַי
האָסט דען אַ באַגריף?
פֿאַר זיי אַליין
וועט מען דאַרפֿן אַ שיף,
מ'עט דאַרפֿן האָבן
אַ לאַנגע באַן
זיי אַלע ברענגען
קיין בירא-בידזשאַן,
מ'עט דאַרפֿן צוויי
און אפשר מער. . . .
הער דו, וואָס לאַכסטו?
קום נאָר אהער!
אַ אידישע מדינה
וועט זיין,
דאָס זאָגסטו אַליין,
צו וואָס דער געלעכטער?
אדרבא,
גיב צו פֿאַרשטיין!
— — — — — — — — —
אַה? וואועס!
דו זאָגסט:
איך האָב אַ טעות!
וואָס הייסט?
אין בירא-בידזשאַן —

דאָרטן אַהין
דאַרף מען ניט, זאָגסטו,
אינגאַנצן דעם מין?
אויב ניט זיי,
איז וועמען דען?
אַדרבא, דערקלער:
כדומה, למשל,
דהיינו, נאַפּרימער?
יאָ, יאָ, זאָג טאַקע, ווער?
מען דאַרף, זאָגסטו, דאָרט
אַן אַנדער מין איד,
אַן אַנדער מין סאָרט.
איז טאַקע
וועמען זשע פּאָרט?
אַה? וואועס?
אמת׳ע האָרעפּאַשניקעס - זאָגסטו?
אַרבעטער מיט מאָזאָליעטע הענט
וואָס אַקערן ערד
און בויען ווענט,
דאָקטוירים, דענטיסטן,
אינזשענערן, מאַשיניסטן —
אַזוי גאָר,
און וועמען נאָך?
אוי, אַ בראָך!
אַה? וואועס?
דאָרטן וועלן זיין ווילקאָמען
פּאַך-לייט, אַגראָנאָמען,
באָטאַניקער,
וואָס פאַרשטייען זיך
אויף פּלאַנצן.
נו, און כלי-קודש?
אַה? וואועס?
דאָס, זאָגסטו,
דאַרף מען ניט אינגאַנצן.
וואָס הייסט? ווי איז׳ס מעגלעך?
און ער פאַרענדיקט
מיט אַ זויערער מינע
אָט האָסטו דיר, בירא-בידזשאַן
עך מיר אַ מדינה!

פ״ל און בויגן

## מאָסקווע, נאָרד-פּאָל, פאַראייניקטע שטאַטן

1

לצים זאָגן:
דער שטאָלצער נאָרד-פּאָל
איז שטאַרק אין כעס,
קוקט אויס, זאָגט מען,
זייער בלאַס.. . .
טאַקע, כ׳לעבן,
ס׳ע ניט קיין שפּאַס!
הער אַ חוצפּה:
פּאָר מענטשן,
אַפילו די געוואַגסטע,
דער נאָרד-פּאָל איז
ניט מער ווי אַ טרוים,
געוואַגט אים אָנרירן
האָט מען קוים.
— גענוג דיר, מענטש,
האָסט כמעט
דעם גאַנצן ערד-קוגל
באַצוואונגען,
אומעטום אַריינגעדרונגען.
אָבער מיר פאַרטשעפּען,
פּע, פאַוואָליע!
ס׳עט אַ קלאָג זיין
צו דיין דאָליע!

ניט איינמאָל געטראָפן
פונם נאָרד-פּאָל
מענטשן זיינען
מיטן לעבן
קוים אַנטלאָפן
האָבן געוואַגטערע
געוואָלט אַ ווײַלע
דאָרט בלייבן שטיין.
ווייסט מען ניט עד היום,
וואו איז זייער געביין.
האָט מען טאַקע
זייער מורא
דעם נאָרד-פּאָל

## מאָסקווע, נאָרד־פּאָל, פּאַראייניקטע שטאַטן

באַטרעמן!
נאָר אָט קומען מענטשן
פון לאַנד סאָוועטן,
דערשרעקן זיך ניט
פאַרן נאָרד-פּאָל —
פאַר זייז ברוך הבאָ
דעם פראָסטיק-קאַלטן.
און באַשלאָסן ווערט
דאָרט שבת האַלטן,
ניט איינעם — גאַנצע 52
אַ גאַנצן יאָר פאַרבלייבן.
און פאַרפאַלן,
מ׳קאָן זיי ניט פאַרטרייבן!
ניט געקומען גלאַט אַזוי זיך,
אַ קונץ אויסצושפּילן,
מ׳האָט פאַר זיך
באַשטימטע צילן: —
דעם געגנט,
דעם אַרום שטודירן,
וואָס קיינער וואַגט ניט,
וועלן זיי פּרובירן.
און טאַקע אַלץ דערציילן,
זאָל די וועלט
זיך מער ניט שרעקן.
וואָס מ׳עט דאָרט אַנטפּלעקן;
פאַרלאָזט זיך
אויף דער חברה,
מוט און אויסדויער
וועט שוין קלעקן.

2

הערט זשע ווייטער:
סע נאָר צו שטוינען
און צו גאַפן!
סאָוועטן-פאַרבאַנד
אַ קורצן לופט-וועג
פון זיך צו אַמעריקע
באַשליסט צו שאַפן.
און אָט איז שוין

מען גיט צו מעלדן:
אויף אַן עראָפּלאַן
דריי געוואָגטע העלדן
פון מאָסקווע
קיין אמעריקע
אָפּגעפלויגען
און ברוך הבא
זיי זיינען שוין דאָ.
לייענסט און גלויבסט ניט
דיינע אויגן.
די וועלט באַוואונדערט:
דער גרעסטער אויפטו
פון היינטיגן יאָרהונדערט!
סקעפּטיקער צווייפלען:
בלויז אַ גליקלעכער צופאַל
און ניט מער.

נאָר זעט, זעט:
אַ צווייטער עראָפּלאַן
ז׳געקומען אַהער.
מיטן זעלבן וועג
און מיט מער פּראָגרעס,
די רייזע דויערט
2 א האלב מעת לעת.
די נאַוויגאַטאָרס
און פּילאָטן
חלילה, ניט
— קיין אַריסטאָקראַטן
איינפאַכע, פּשוט׳ע.
ווי מ׳זאָגט ביי אונז:
„רענק און פייל“.
גערעקט אַ קימאַ־לן
פון זעקס טויזנט מייל.
די נסיעה איז
אָפּגעגאַנגען גלאַט,
די ערשטע ווי די צווייטע,
קיינעם ניט געשאַדט.
— יונגען — אַ פאַרגעניגן

**מאָסקווע, נאָרד־פּאָל, פאַראייניקטע שטאַטן**

יעדער איינער אַ יאַט
— — — — — — — — — —
וואָס איז דאָ צו קלערן?
ס'עט לאַנג ניט נעמען
און איר וועט הערן
דעם אויסרוף
פון פריילעכע יאַטן:
— מאָסקווע — נאָרד־פּאָל —
נעקסטע סטאַנציע
די פאַראייניגטע שטאַטן!



# וואָס אין ביראָ-בידזשאַן איז נישטאָ

(צו זינגען מיט דער מעלאָדיע:
„אויפן פריפעטשיק ברענט אַ פייערל")

קום אַהער־צו־צו,
יונגער מאַנטשיקל
און הער מיט קאָפּ זיך איין:
זינגען וועל איך דיר
אַ אידיש לידעלע
וואָס הויבט זיך אָן מיט „קיין"
זינגען וועל איך דיר
אַ אידיש לידעלע
וואָס הויבט זיך אָן מיט „קיין".

קיין שום ניסים'לעך
אין דעם לידעלע
דערוואַרט ניט יונגערמאַן,
עס דערציילט זיך בלויז
ווי די אידן לעבט זיך
איצט אין ביראָ-בידזשאַן.
עס דערציילט זיך בלויז
ווי די אידן לעבט זיך
איצט אין ביראָ-בידזשאַן.

קיין אידן שלאָגט מען ניט
און מע הרג'עט ניט
ניטאָ קיין כוליגאַן,
ניט געהערט געוואָרן
אַזאַ זאַך איז גאָר
אין לאַנד ביראָ-בידזשאַן.
ניט געהערט געוואָרן
אַזאַ זאַך איז גאָר
אין לאַנד ביראָ-בידזשאַן.

קיין וועכטער דאַרפן מיר
באַנאַכט ניט האָבן דאָרט
זאָל אונז היטן אַף יעטוועדן שפּאַן;
בשלום לעבן מיר זיך
מיט שכנים ניט אידישע,

פייל און בויגן

דאָ אין ביראָ-בידזשאַן.
בשלום מיר לעבן זיך
מיט שכנים ניט אידישע
דאָ אין ביראָ-בידזשאַן.

קיין געווער באַ דער רעגירונג
אידן פאָדערן ניט,
סע גייט ניט אַריין אין פּלאַן,
מאַשינען, טראַקטאָרס
אָט דאָס קריגט מען
פאַר ביראָ-בידזשאַן.
מאַשינען, טראַקטאָרס
אָט דאָס קריגט מען
פאַר ביראָ-בידזשאַן.

קיין שטיינער פליען ניט
ווען אידיש רעדט מען דאָרט
אין גאַס, אין הויף צי אפן באַן.
געוואָרן אַנערקענט
אונזער אידיש לשון איז
טאַקע אין ביראָ-בידזשאַן.
געוואָרן אַנערקענט
אונזער אידיש לשון איז
טאַקע אין ביראָבידזשאַן.

קיין רעגירונג-קאָמיסיעס
טרייבערן אונז ניט דאָרט,
קיין אינספּעקטאָר-קאַפּיטאַן,
די סאָוועטן העלפט אונז
און דערמוטיקן
בויען ביראָ-בידזשאַן,
די סאָוועטן העלפן אונז
און דערמוטיגן
בויען ביראָ-בידזשאַן,

קיין וואַסער און וועלדער
חלילה פעלט ניט אוים,
פון דעם מין געגוג פאַראַן,
גראַפיט און מאַרמאָר,

גאָלד און שטיינקוילן,
אַלץ אין בירא־בידזשאַן,
גראַפּיט און מאַרמאָר,
גאָלד און שטיינקוילן,
אַלץ אין בירא־בידזשאַן.
— — — — — — — — — —
זאָג־זשע אידעלע,
געדענק־זשע טייערער
בירא, בירא־בידזשאַן,
פון גרויסן בנין דאָרט
די מעשה לייענט זיך
ווי אַ שפּאַנענדער ראָמאַן,
פון גרויסן בנין דאָרט
די מעשה לייענט זיך
ווי אַ שפּאַנענדער ראָמאַן.



# ניין מאָל — גאָרניט

(אַ מאָנאָלאָג פון איינעם
פון „יענע אידן")

צו דער געלעגנהייט פון ניין
יאָר ביראָ־בידזשאַן

וואָס איז די מעשה,
פרעגט מיך אַ מאַן.
שוין ווידער אַ שמחה
מיט בירא-בידזשאַן?
שרייבט דאָך דער „פייפער"
ס'דאָרט צרות און לייד,
און בײַ דיר דאָס פנים
שיינט גאָר פון פרייד!
מאַלע וואָס איר
פרייט זיך,
מאַלע וואָס איר
דרייט זיך,
אָף מיר ווירקט עס
אַפילו אַ האָר ניט,
ניין יאָר בירא-בידזשאַן
מיינט כע, כע
ניין מאָל גאָרניט!
אײַ וואָס איר זאָגט
זיי האָבן דאָרט
קאָלעקטיוון,
איך בין זיי אייך מוחל
פאַר אַ לעבערל מיט גריוון.
מיט מיין באַגריף פון לעבן
איז עס קיין פאַר ניט.
ניין יאָר בירא-בידזשאַן
מיינט דעריבער
ניין מאָל גאָרניט.
ווייזט מיר אָן דאָרט
כאָטש אַ קליין ערטל
מע זאָל זיך אוועקזעצן
מאַכן אַ קערטל —
אַ פויקער, אַ פינאַקל
צי גאָר איין און דרייסיג.
פאָלג מיר אַ גאַנג.

אַרבעטן פּלייסיק!
שאַ, שאַ.
פֿאַררייס ניט די נאָז,
נו, איז וואָס?
האָט איר אייך דאָרטן
אַלערליי פֿאַבריקן,
זאָג מיר אָבער
וואו זענען די גליקן?
ווערן אַ באָס דאָרט
זאָגט איר דאָך
לא — מע טאָר ניט,
דערפֿאַר מיינט עס
ניין מאָל גאָרניט.
איך בין אַן אויסגעהאַלטענער
אמת'ער רעאַליסט
איר ווילט מיר איבעררעשן?
אייער טרחה
איז אומזיסט!
האָט איר פֿיר טעכניקומס,
שולן מיט 15,000 שילער,
סע מאַכט מיר ניט וואַרעם,
סע ווערט מיר ניט קילער,
אדרבא דערקלער!
קאָן אימיצער פֿון זיי
ווערן אַ מיליאָנער?
איך בין אַ פּראַקטישער
קיין פֿאַנטאַזיאָר ניט,
לכן דעריבער
איז עס ניין מאָל גאָרניט.

פֿאַראַן דאָרט זאָגסטו
אַ מלוכה-טעאַטער?
פֿון אַזעלכע זאַכן
ווערט מען ניט זאַטער
ס'מיינט דאָך שטענדיק
מיט קונסט זיך שפּייזן —
סטאַלינ'ס אַן איינפֿאַל,
מע דאַרף זיין
שטאַרקער פֿון אייזן.

זיי האָבן דאָרט, זאָגסטו
אַ טעגלעכע ציַיטונג,
עס, סע בלאָטע,
פון קנאַפּער באַדיַיטונג,
צו וואָס? פאַר וועמען?
וואו האָבן זיי ביזנעסלייַט
אַנאָנסן צו נעמען?
אַ צייַטונג אָנפּילן
מיט בלויז לייען-מאַטעריאַל
כ׳לעבן אַ סקאַנדאַל!
ס׳עט ניט אויסהאַלטן
אַפילו קיין יאָר ניט,
זעסט דאָך אַליין
ס׳איז ניין מאָל גאָרניט.

זאָגסט ס׳איז פאַראַן
באַ אייך דאָרט
אין בירא-בידזשאַן
דער ערשטער אידישער
מלוכה-מוזיי
מיט ווערטפולע זאַכן,
אַנטיקן אַלערליי?
ס׳מיינט אַלץ גאָרניט
פון מוזייאומס
אַפילו באַ אונז דאָ
מאַכט מען ניט
קיין פּראָפּיטן
מע דערלעגט צו דעם געלט.
מע דאַרף זיך
פאַר דעם היטן.
הכלל, איר זענט אַ דורכפאַל
אַף אַלע געביטן.
חוץ דעם,
זאָגט דער „פייפער",
אַז ס׳האָט גאָר ניט די ווערט,
ניט די פאַבריקן
און ניט די ערד.
ס׳איז, ווי זאָגט מען:
קיין הויז

קיין קאָרידאָר ניט.
די אונטערשטע שורה:
ס'איז הורא!
ניין מאָל גאָרניט.



## בירא-בידזשאנער פאָלקס ליד

1

שטעלט אָן די אויערן
שוועסטער און ברידער;
מיר וועלן אייך זינגען
פריילעכע לידער.

2

אין בירא-בידזשאן דא —
אין לאנד דעם פרייעם,
גייען מיר אצינדער
אַף א וועג א נייעם.

3

מיר גייען דא אלע
די קעפּ אויפגעהויבן,
קיין ספק, קיין צווייפל
מיט זיכערן גלויבן.

4

מיר דארפן ניט וויינען,
בא קיינעם זיך בעטן
מיר זענען דאָך בירגער
אין לאנד פון סאָוועטן.

5

גישטאָ מער קיין הערשער
זיי אלע פארטריבן,
דאָס לאנד מיטן רייכטום
פאר אונז איז פארבליבן.

6

עס קאָן מער ניט טרעפן
דא קיין פּאָגראָמען,
איבעראַל וואו מיר קומען
מיר זיינען ווילקאָמען.

פּ״ל און בויגן

7

דערציילן איצט עלטערן
פון אַמאָליקן שטעטל:
מיטן שטעקל אַרומגעלאָפן
פאַרדרייט דאָס קאַשקעטל.

8

תמיד געהונגערט
שטענדיק געליטן,
אַלע צוויי וואָכן
פרנסות געביטן.

9

די קליידער צעריסן,
צעלעכערטע שקראַבעס,
ניט געהאַט וואָס צו עסן
אין דער וואָכן און שבת.

10

פון אונז פוסט און פּאַסניקעס
זעט וואָס ס׳איז געוואָרן,
מיר שניידן איצט זאַנגען
פון ווייץ און פון קאָרן.

11

מיר דאַרפן ניט דאגה׳ן,
מיר דאַרפן ניט זאָרגן:
זיכער מיט דעם היינט
און אויך מיטן מאָרגן.

12

מיר זענען איצט גליקלעך
מיר זענען צופרידן,
בירא־בידזשאַן איז
געגעבן אונז־אידן.

13

דערפאַר איז קיין נייעס ניט,
קיין וואונדער, קיין חידוש,
וואָס אין בירא־בידזשאַן דאָ
איז אַלעס אַף אידיש.

14

אַ דאַנק די סאָוועטן,
איז עס אונזערם אינגאַנצן
הו־לאַ־לאַ! טראַ־לאַ־לאַ
לאָמיר גיין טאַנצן.

פייל און בויגן

## פאַרדרייט די יוצרות

1

אידן! אידן! אידן!
אַ ליאַרעם, אַ געשריי!
אידן! אידן! אידן!
וואָס טוט מען פאָרט
מיט זיי?
אַ שטענדיגע פּראָבלעם
פאַסקודנע,
ניט באַקוועם.

— — — — — — — — — —

רומעניע, פּוילן
טראַכטן צו אַלע טאָג
געזעצן פרישע,
טשיקאַווע, אַנטיקן
ווי אַזוי די אידן
וואָס גיכער צו דערשטיקן
און אין דייטשלאַנד —
איז דאָך אָפּגערעדט,
איר הערט דאָך,
איר זעט:
עס ברעכן זיך די קעפּ ,
היטלער, געבלס, שטרייכער
מע פרעגט זיך:
וואָס איז בעסער,
וואָס איז גלייכער,
(אַלע מיט איין קול)
די אידן הרגענען איינציגווייז
צי אַלע מיט אַמאָל?

— — — — — — — — — —

אויך דאָ באַ אונז,
באַם גנעדיגן אָנקל סעם
די אידן-פראַגע,
ווערט וואָס ווייטער
אַ דעקלאַסירטע פּראָבלעם.
מע קלערט, מע טראַכט,
טאָג ווי נאַכט —
מ׳איז זייער ניט צופרידן —
די זעלבע פראַגע
וואָס טוט מען מיט די אידן?

2

דערווייל,
באַ דער האַנט,
פּאַראַנען בלויז,
איין לאַנד —
סאָוועטנפאַרבאַנד.
רעד צו אים
מיט בייזן,
רעד צו אים
מיט גוטן —
ברעכן זיך דעם קאָפּ
אַנטזאָגט ער זיך
לחלוטין.
די טענה איז דאָרט:
(אָט האָט איר
וואָרט באַ וואָרט)
צו וואָס די אידן שטעלן
אין אַ באַזונדער לאַגע
און שפּעטער
דעם קאָפּ זיך דרייען:
„ווי לייזט מען
אָט די פראַגע?"
און בקיצור המעשה
גיך געקומען
איז מען צו אַ טאָלק —
אידן פּונקט ווי אַנדערע
זיינען אויך אַ פאָלק
(פּטור אַן עסק!)

3

נו, נו?
און ווידעראַמאָל נו?
טאַקע, טאַקע!
ווי-זשע גייט עס
דאָרטן צו?
אדרבא,
ווארפט אַ בליק,
ווי עס פילט דער איד זיך
באַ דעם באָלשעוויק —
אַ דאַנק פאַרן פרעגן —

פּ״ל און בויגן

אַלע שליאַכן
אַלע וועגן
זענען אָפן דאָרט פאַר אים
— איד ווי קריסט
מע פרעגט ניט
„ווער דו ביזט?"
אַרבעט אין פאַבריק,
אַרבעט אויפן פעלד
קום נאָר און מעלד.
ווילסט שטודירן
גיין אין לער-אַנשטאַלט
אין אוניווערזיטעט.
האָט מען פייאיגקייט,
זעצט מען אין סאָוועט.
אידן זיינען פירער,
— אידן זיינען רעגירער
אוים מיט די מאַרטירער.
דאָרט, זאָגט מען ניט:
— צופיל אידן פאַראַן
פאַרקערט, איר הערט?
אין בירא-בידזשאַן
פעלט גאָר אוים,
דער דוחק אויף אידן
איז דאָרטן זייער גרוים.

— — — — — — — — — —

— איבעראַל, אומעטום
און וואו איר קוקט זיך אום,
אין אַנדערע לענדער
זיינען אידן
כלומרשט דאָ צופיל,
פטור ווערן פון זיי,
געשטעלט זיך פאַר אַ ציל.
אין בירא-בידזשאַן,
וויל מען אידן, וואָס מער אידן,
דאַצאָל מע וויל.
דאָ ניט לאַנג ערשט,
געליינט אַ באַריכט:
מע זוכט אום אידן
ווי מיט ליכט.

פ״ל און בויגן

— — — — — — — — — — —
העי, חברה,
וואָס זאָגט איר ניט צו דעם?
באָלשעוויקעס.
קומען גאָר צו גיין
און דרייען איבער
די אַלטע וועלט-פּראָבלעם.



## דריי אַנטיסעמיטן נעבעך!

### (רעציטאַציע)

אַ רומענישער אַנטיסעמיט,
אַ דייטשישער נאַצי
און אַ פּוילישער ענדעק
אין אַ שענקל זיצן זיי,
ערגערן זיך אַ שרעק.
זייער ווייטיק איז גרויס,
דאָס חיות, די נשמה,
גייט ממש זיי אויס.
— אונזערע רעגירונגען,
זאָגן זיי,
אונזערע מלוכות,
קלאָגן זיי
טוען פאַרשיידענע זאַכן
אַבי דעם אידן
מיט אַ קאָפּ קירצער מאַכן:
געשאַפן האָט
אונזער ווימנשאַפט
ווי איז אונז!
אַ ספּעציעלע טעאָריע:
די אידן באַלאַנגען

צו דער נידעריקסטער
קאַטעגאָריע.
אַלע, דאַכט זיך, טוען מיר
אונזערע מענטשלעכע פליכטן:
דעם אידן סיי פיזיש,
סיי גייסטיק פאַרניכטן.
קומט אָבער
דער סאָוועטן-פאַרבאַנד
מיט זיינע האַנדלונגען
און טאַטן
און טוט-טאָן אונז
פאַר-ר-ראַטן.
העי קעלנער,
אַ גוט ביסל שנאַפּס
פאַר דריי צעוויטיקטע
אַריסטאָקראַטן.
בקיצור, הכלל,
ביטער ווי גאַל,
סע פאַסקודנע, סע שלעכט!
אידן האָבן דאָרט
גלייכע רעכט.
אוי מאַמעלע,
מען קאָן דאָך
אַרונטער פון זינען!
אידן אַרבעטן דאָרט
אויף ערד,
אין פאַבריקן, אין מינען,
אין דער רויטער אַרמיי
לאָזט מען זיי דינען,
קאָנען ווערן קאָמאַנדירן,
אַפילו די רעגירונג
לאָזט מען זיי פירן.
געוואַלד געשריען,
מען קאָן דאָך קראַפּירן!
מע גיט זיי נאָך אַוועק
אַ ספּעציעלע טעריטאָריע.
צום טייפל,
ווי האַלט מען דאָס אויס?
אַ שטיק לאַנד

ווי בעלגיע און האָלאַנד די גרים.
ס'הייסט דאַכט זיך
בירא-בידזשאַן,
וויי! וויי!
אַז מע גיט זיך אַ דערמאָן:
אידן וועלן האָבן דאָרט
אן אייגענע רעפּובליק
און קיינער וועט ניט שטערן,
פשאַקרעוו! דאָנערוועטער!
נאָר משוגע צו ווערן.
העי, קעלנער,
אַ קוואָרט שנאַפּס
מיטן „גאָלדענעם שטערן".
אָך! אָך! אָך!
די רעגירונג העלפט
אויף שריט און טריט,
מיט עצות, געלט,
און וואָס דען ניט?
איצט הערן מיר
איז פאַרטיק, פאַראַן
אַ נייער, אַ דריטער
פינפיאָר פּלאַן,
טאַקע פאַר דאָרטן,
פאַר בירא-בידזשאַן,
אַ פּלאַן או־וואַ!
מיט אַ גרויסן פאַרנעם,
באָם הארצן גיט אַזש
אַ דריק און אַ קלעם.
וועט עס דורכגעפירט ווערן?
קיין צווייפל אין דעם!
פשאַ-קרעוו!
זיי, אַז זיי זאָגן
איז מען זיכער אַז ס'וועט,
דאָרט ווערט געטאָן,
ניט בלויז גערעדט.
מען קאָן שוין פאָרויסזען
אַ בילד, א פּאָרטרעט:
אַנטוויקלטע דערפער
און גרויסע שטעט.

און אַלעם אָנגעפירט
פון א אידישן סאָוועט,
מיט עקל, מיט פאַראַכטונג
מיט אַ חוזק-בליק
וועלן די אידן
צו אונז ווינקען.
העי, קעלנער,
דערלאַנג נאָך אַ פלאַש,
די צרות פאַרטרינקען!
מירן ניט זיצן
גלאַט אַזוי און שווייגן,
נישקשה,
מיר וועלן זיי צייגן,
אונז שטעלט מען ניט
אַרוים קיין פייגן.
מירן זיך אָננעמען מיט מוט,
מיר וועלן זיך ניט שעמען.
בירא-בידזשאַן
צוזאַמען מיטן סאָוועטן פאַרבאַנד.
מיר אַלע דריי,
וועלן עס פאַרנעמען.
די אידן וועלן מיר צעקלאַפן,
זיי אַראָפּדרייען די נעזער,
בענק! טערעבענץ!
אָט ווי מיר טוען עס
אַצינד מיט די גלעזער.
איינס, צוויי, דריי.
קנאַק אין ד׳ערד,
מירן ווייזן אַז אידן
האָבן ניט קיין ווערט.
— — — — — — — — —
העי, קעלנער, וואָס טוסטו?
וואָס שלעפּסטו אונז
אין גאַס?
אָ, די גלעזער?
צעבראָכן בלויז אין שפּאַס.
העי, דו, קעלנער,
הער אויף! לאָז אָפּ!
מירן נאָך ווערן אין כעס!

# ווידער אַ שמחה צעשטערט

1

מענטשן,
היפּש-לאַטישע,
עכט באַלעבאַטישע,
הונדערט פּראָצענט
עטישע,
צוויי הונדערט
אַנטי-סאָוועטישע,
האָבן פּאַר אַ נאָווינע,
אַ שמחה זיך געמאַכט —
אַ „גוד-טיים״ געהאַט.
וואָס איז די שמחה?
אין בירא-בידזשאַן
„פידלט ניט״,
ס׳איז עפּעס ניט „גלאַט״
הוריי! הורא!
כי! כי! כאַ!
געקוועלט ווי אַ באָקסער,
געשיינט ווי אַ פּורים קוילעטש
האָט אַ פרייד אין די אויגן;
ספּעציעלע טעלעגראַמעס
בליץ שנעל געפלויגן
פון רעדאַקציעס
אַרונטער אין קעלער.
— העי חברה,
זעצט שנעלער!
און באַלד אין דערשינען:
עקסטרא! עקסטרא!
— בירא-בידזשאַן
אין רואינען —
טיפע טעאָריעס
גענומען אַנטוויקלען
גאַנצע עדיטאָריעלס
לאַנגע אַרטיקלען,
אומגעפער אַזוי:
— ליבע לעזער,
האָט ניט קיין פּאַריבל,
בירא-בידזשאַן
צעפאַלט זיך

ווי אַ קאַרטן-שטיבל.
באַשלאָסן האָט סטאַלין
פאַרניכטן עס און פאַרוויסטן —
ניט דולדן, ניט פאַרטראָגן;
מעגן מיר שוין זיכער
רבנן קדיש זאָגן.
אַ יאָר-צייט לעכטל
שטעלן לאָמיר,
געווען אַ בירא-בידזשאַן
און אויס, נישטאָ מער.
מיראַמיר סיי ווי
געוואָרנט אַלעמאָל
אַז סע שווינדל
און בלאָף;
דאַנקען גאָט
פטור, נו,
אַן עק, אַ סוף.

2

האָבן מענטשן
היפּש-לאַטישע,
עכט באַלעבאַטישע,
הונדערט פּראָצענט
עטישע,
צוויי הונדערט
אַנטי-סאָוועטישע,
גוואַלדיק זיך געפרייט
אין דער לענג
און אין דער ברייט,
געיום-טוב׳ט, געיובלט
אומעטום, איבעראַל —
ביז . . . ביז . . .
הערט אַ סקאַנדאַל:
איי! איי! איי!
סע ווייזט זך אַרויס:
די גאַנצע מעשה
הויבט זיך ניט אָן
און לאָזט זיך ניט אויס
איז ווי קאָן עס זיין?
טאָ הערט זיך איין:

סאָוועטנפאַרבאַנד׳ס
פאַרלאַנג איז:
אויפבויען ביראָ-בידזשאַן
וואָס שנעלער און גיכער.
אין דער פירערשאַפט אָבער
געווען איז אַ קריכער,
אַ שטעקן אין ראָד.
די חסרונות פאַרדעקט
דורך קונצן אַלערליי,
איז גענומען אים אויפן צימבל
און — געזאָגט: בחור גיי!
מיר שאַנעווען ניט קיינעם.
מעגסטו זיין פון די „פני“ —
אַ כאַווקין אַרויף,
אַ כאַווקין אַראָפּ.
ביראָ-בידזשאַן
מוז מאַרשירן
אין שנעלן גאַלאָפּ.

3

דאָס מיסט אַרויסגעשאַרט,
די הענט אָפּגעווישט,
אַ שפּאָגל-ניי בלעטל
באַלד איינגעמישט:
צום רודער געשטעלט
אַ פירערשאַפט אַ נייע,
מענטשן מיט אַ רעקאָרד,
מענטשן מיט אַ סטאַזש,
מענטשן מיט מוט
און באָלשעוויסטישן קוראַזש.
אויסגעאַרבעט פּלענער
דייטלעך און קלאָר:
נייע הונדערט טויזנט אידן
אין ביראָ-בידזשאַן
אין די קומענדע פינף יאָר
דורכגעפירט מוז עס ווערן,
ניט געמינערט אַ האָר.

— — — — — — — — — — —

איז וואָס מיינט איר?
באַ מענטשן לאַטישע,

עכט באַלעבאַטישע,
הונדערט פּראָצענט
עטישע,
צוויי הונדערט
אַנטי סאָוועטישע
אָן אייגל איצט טרערט,
אַ גוואַלדיקע שמחה
איז געוואָרן צעשטערט
אוי, הערט איר:
ס'אָן אומגליק מיט פּאַקטן,
אַלעמאָל קומען זיי
און ווייזן פּאַרקערט. . .



## אידישע קולטור

(מאָנאָלאָג)

איר פרעגט מיר
וואָס אויף אייער רוסלאַנד
בין איך שטענדיק
אין כעס?
וואָס מיינט איר,
ס'איך אַ שפּאַס?
נו, גוט,
האָבן זיי עסן,
איז דאָס דען דער עיקר?

פ״ל און בויגן

דאָס האַרץ (אָט דאָ אָ)
צעריסן ווערט דאָך
ממש אויף שטיקער.
אידן — עם הספר
אַז ווי איז צו די יאָרן!
אַדרבא, זאָגט מיר
וואָס איז פון זיי
געוואָרן?
וואו איז דער גייסט?
וואו איז זייער קולטור?
פון אָדעס ביז סיביר,
פון מינסק ביז אַמור
ניטאָ אַפילו אַ שפּור.

— — — — — — — — — —

וואָס זאָגט איר?
אין לאַנד פון סאָוועטן
פאַראַן אידישע שולן,
טעאַטערס און גאַזעטן?
וואָס שמייכלט איר?
וואָס שווייגט איר?
וואָרום זאָגט איר ניט
כאָטש אַ וואָרט?
וואָס איז דאָס?
וואָס ווייזט איר מיר
צייטונגען פון דאָרט?
וויפל האָט איר?
איינס, צוויי.... צען
גאַנצע אַכצן שטיק?
ווייזט נאָר,
לאָמיר טון אַ בליק!
ווי הייסן זיי?
1) „טעמפּן“
2) אָקטיאַבר,
3) שלאַגלער,
4) קוסטאַר —
מע ווייסט דען
וואָס סע מיינט?
כ׳זאָל אַזוי ניט וויסן
פון קיין צער!

פּייל און בויגן

וואָס נאָך האָט איר?
5) „עמעס“
6) „יונגוואַרג“,
7) „לענינוועג“,
8) „אָדעסער אַרבעטער“,
9) „פּראָלעטאַרישע פאָן“.
ווי געפעלט דיר נעמען
רחמנא ליצלן!
10) „זייט גרייט“,
11) „קאָלווירט עמעס“,
12) „קאָלווירט שטערן“,
13) „בירא-בידזשאַנער שטערן“
און גלאַט אַזוי
14) „דער שטערן“.
זאָל זיין געוונג,
כ'וויל ניט זען,
כ'וויל מער ניט הערן!
לאָז מיר געמאַך!
זע נאָר אַ לשון,
זע נאָר אַ שפּראַך!
דאָס „פּינטעלע איד“
וואו איז?
דער אידישער קרעכץ,
דער טיף ברוסטיקער אוי?
פריילעך, צופרידן
ווי להבדיל אַ גוי...
אָט בלעטער איך —
איז וואָס געפין איך
און וואָס קאָן איך
געפינען?
אַז נאָר אַרבעט
ליגט אייך אינזינען,
טראַקטאָרס, קאָמביינען
און גלאַט אַזוי מאַשינען.
צו דעם שטויסט איר
אייער גאַנצע אינטואיציע?
די אמת'ע אידישקייט
וואו איז?
די אַלטע טראַדיציע?

פ י י ל און ב ו י ג ן

עפּעס וועגן גלות השכינה,
אַ לעגענדע, אַ מעשה
וועגן אברהם אבינו,
אָדער וועגן אַן איצטיגן גביר,
אַ בעל צדקה,
מיט אַ גרויסן פּאַרנעם
אין אַט די צייטונגען
קיין סימן פון דעם!
עס שניידט דאָך
דאָס האַרץ
ווי מיט אַ חלף, אַ מעסער
די טעאַטערס און שולן
מסתמא אויך ניט בעסער.
ווי זאָל איך זיין
ניט בייז,
ניט האָבן קיין פאַריבל
איר דערווייטערט זיך
פון די הייליקע ספרים
פון דער באַרימטער ביבל
און איר לאָזט זיך
אויף אַ וועג אַ נייעם.
וואָס זאָגט איר:
איך גופא, בין אַ פרייער?
דאָס מאַכט ניט,
די אידישקייט אָבער
איז מיר ליב און טייער.
איר ווילט אידן
אָפּגעוואוינען
פון זייער אַלטער נאַטור,
נאָוסער!
דאָס הייסט בא מיר ניט
קיין אידישע קולטור.



# אָט א נייעס

אברהם בער! אברהם בער!
זייטשע מוחל,
קומט נאָר אהער.
פון מאָסקווער סאָוועט,
אין אידיש געשריבן
אַ נייער דעקרעט.
נאַט לייענט איבער,
ווי געפעלט אייך עפּעס דאָס?
אידיש אין בירא-בידזשאַן
ווערט דער אמת׳ער באַלעבאָס
אברהם בער טראַכט אווײלע
גיט אַ קורצן לאַך
מיט דער האַנט אַ מאַך —
עט!
צי וואָס זאָל איך לייענען?
גלאַט צייט פאַרלירן?
ספּעציעלע דעקרעטן וועגן אידיש?
אַזוינע נסים
קאָנען ניט פּאַסירן.
ווּעסט מיר מוחל זיין,
ווער ניט אין כעס;
ס׳איז ניט קיין דעקרעט
מסתמא בלויז אַ שפּאַס.
אַ מלוכה מיט אַזעלכע זאַכן
גיט זיך ניט אָפּ.
לאָז צורו, ברודער
דריי ניט קיין קאָפּ.
איך,, פון מיין זייט,
בין פולשטענדיק צופרידן:
די מלוכה, כאָטש אַ רוסישע
פאַרגעסט זי ניט
אונזערע אידן.
זי גיט זיי לאַנד
וואו נאָר סע פאַראַן
און פולע רעכט
אַף בירא-בידזשאַן.
גיט אפילו אַ טראַקטאָר,

אַ כל-בו-ניק
כ׳מיין אַ קאָלביין (קאָמביין)
איז עס אוואַדע
זייער, זייער פיין.
מ׳עט ניט דאַרפן
שלעפּן אַף די פּלייצעס
קיין רידל, קיין מלייצע.
ניט פּורקען זיך
מיט אַקער, מיט קאָסע,
דער סאָוועט מלוכה
זאָל גאָט געבן דערפאַר
געזונט און פּרנסה,
געלויבט זאָל זיין
אַף שטענדיק איר נאָמען!
אין אַנדערע לענדער
אידן ליידן
פון שחיטות, פּאָגראָמען,
מע פאַראַכט זיי,
מע מאַכט זיי
צו שפּאָט און שאַנד.
אָבער אין סאָוועטנלאַנד
קריגן אידן אַלעס
כבוד און לאַנד.
אַף די אייגענע פּים
קאָנען זיך אידן
דאָרט שטעלן
איז וואָס, איך בעט דיר,
דאַרף מען נאָך וועלן?
קומסטו מיט אַ מעשה
געפלויגן אַ קאַץ איבערן דאַך —
אין בירא-בידזשאַן
וועט באַלעבאַטעווען
די אידישע שפּראַך.
מעג עס זיין, זאָגסטו,
אין אַ געריכט-הויז
צי אין אַ באַנק,
כאַ! כאַ! כאַ!
אַן איינפאַל! אַ געדאַנק!
וויים איך וואָס!

פייל און בויגן

ווייס איך ווען!
באַרייזט די וועלט אַביסל
אין ערגעץ ניט
אַזוינס געזען.
ווילסטו מיר איינרעדן
אַז דאָס איז אַ פֿאַקט,
ניט מער און ניט ווייניגער
אַ שפּאָגל נייער אַקט.
עט, איך גלויב ניט
און וואָס איז דער חידוש?
דער אַקט גופֿא, דער דעקרעט
איז געשריבן אויף אידיש.
אברהם בער שווייגט. אווילע
נעמט לייענען דעם פּאַפּיר,
זיין פּנים קריגט איצט
אַן אַנדער קאָליר.
שאַ נאָר שאַ„ זאָגט ער
לאָז זיך דינען!
דער אַקט איז גע׳חתמ׳עט
פֿון אים אַליין,
פֿון פּרעזידענט קאַלינין.
נו, גיי גלויב
אַזעלכע זאַכן,
ליגט דער מלוכה אינזינען.
איי! איי! איי!
פֿאַרשטייסט, צי ניין?
אַנשטאָט איך זאָל זיך
ברעכן די ציין,
און רוסיש
אויף דער עלטער שטודירן,
שיקט מיר דער פּרעזידענט
אידישע פּאַפּירן.
הערט איר, חברה,
אַזעלכע נסים
קאָנען נאָר
בײַ די באָלשעוויקעס פּאַסירן



פּייל און בויגן

# בערטשיק

**(אַ טיפּ אַזאַ)**

1

הערן אַ מעשה
זייט איר באַרייט?
איר גייט דאָך אום ליידיג,
האָט איר דאָך צייט.
— — — — — — — —
ס׳אַ שאלה!

ס׳אַ פיינע געשיכטע,
איר מעגט וועטן דעראָף,
איך וועל זי דערציילן
פון אַלף ביז תּף.
— — — — — — — —
ס׳אָל פעלן אַ האָר.

פון סאָוועטן פאַרבאַנד
מסתּמאָ געהערט?
וואו די אַלטע סיסטעם
איז אינגאַנצן צעשטערט.
— — — — — — — —
אודאי!

גענומען דאָרט איינטיילן
אַ־לאַ באָלשעוויק:
די ערד צו דעם פויער,
צום אַרבעטער די פאַבריק.
— — — — — — — —
לענינ׳ס געבאָט. . .

זיינען אַביסל פאַרבליבן
ניט אַהין, ניט אַהער,
זיך אַריינפּאַסן אין רעמל
איז פּשוט זיי שווער.
— — — — — — — —
וואָס טוט מען?

מענטשן מיטליאָריגע,
שוואַכע אַלערליי,
דאָס לעבן אין פאַבריק
צו האַסטיג פאַר זיי.
— — — — — — — —
פאַראַנען גענוג.

מענטשן וואָס פעלט אויס
אַ פאַך אין די הענט;
מיט׳ן שטעקל אויפ׳ן מאַרק
יאָרן פאַרשווענדט.
— — — — — — — —
ס׳אַ פּראָבלעם!

געלייזט איז געוואָרן
דער ענין גאַנץ שנעל,
געגרינדעט קאָלאָניעס
אין שטאָט — דעם אַרטעל.
— — — — — — — —
ס׳אַן איינפאַל!

2

איז אָבער דאָ בערטשיק
אויכעט פאַראַן:
אַ איד מיט אַן אויערינגל,
אַ פיפיקער מאַן.
— — — — — — — —
באַקענט זיך.

פאַר דער מלחמה
געזעסן אַף קעסט,
געטרוימט פון מסחרים
אויף אַ גרויסן פאַרמעסט.
— — — — — — — —
אַ פיינע פאַנטאַזיע.

אין לעבעם אַניעם (לחם עניים)
געוועזן סעקרעטאַר,
געשריבן „פּראָשעניעס"
אַזש צו דעם צאַר.

א קאָפּ-מענטש. . .

ביינאַכט זיך גע׳קהל׳ט,
געהאַנדלט בייטאָג;
אומוויסנדע פויערים
באַשווינדלט אויף דער וואָג.

— — — — — — — —

דאָס מעג מען. . .

דער פירער פון שטעטל
גע׳חלומט צו זיין,
קומט ניינצן-פערצן
און מישט זיך אריין.

— — — — — — — —

גיי מאַך!

עס האָט די מלחמה
פאַרשלעפּט אים אין שלאַכט:
דרייסיק מאַנאַטן
אַלס זעלנער פאַרבראַכט.

— — — — — — — —

ש׳קאַ קליינינקייט!

געטאָן האָט ער אַלעס,
וואָס נאָר געקאָנט,
אַבי וואָס ווייטער
זיין פון דעם פראָנט.

— — — — — — — —

„סעיפּטי פוירסט”.

מיט הונדערטער רובל
די אָפיצירן געשמירט;
אַלס „שטענדיקער קראַנקער”
האָט ער פיגורירט.

— — — — — — — —

דער כח פון געלט. . .

איז אָקטאָבער געקומען
מיט פּראָלעטאַרישן זיג,
געמאַכט באַלד אַן ענדע
צום בלוטיקן קריג.

— — — — — — — —

ווער דאַרף דאָס?

לויפן געשעענישן
בערטשיק׳ן פאַרביי,
נאָר ער לויט זיין טבע
בלייבט זיך געטריי.

— — — — — — — —

אימער און עוויג

שטענדיק באַדויערט
זיין אייגענעם איך:
אָט פעלט אים אויס שו-וואַקס
צו פוצן די שיך.

— — — — — — — —

אַ טראַגעדיע.

3

האָט אַן אומגליק אַ גרויסער
אין זיין געגנט פּאַסירט:
יודעניטש׳עס באַנדעס
האָבן אריינגעמאַרשירט.

— — — — — — — —

גרויסע העלדן.

באַנוצט סיי הייסע,
סיי קאַלטע געווער —
פון בערטשיק׳ס משפּחה
איז געבליבן בלויז ער.

— — — — — — — —

אַלס אָנדיינק.

בערטשיק׳ס פייאיגקייט
מוז זיין גאָר גרויס:
פון אַלע אומגליקן
דרייט ער זיך אויס.

— — — — — — — —

ס׳אַ פאַקט.

זיך צופּאַסן אָבער
צו דער נייער סיסטעם,
דאָס איז פאַר בערטשיק'ן
אַ שווערע פּראָבלעם.
— — — — — — — — — — — — —
ניט צוגעוואוינט. . .

דאָס אַלעס!

שטיין רק און ארבעטן,
באַגלייך זיין מיט יענעם —
— פאַר אים, פאַר בערטשיק'ן,
מיינט עס אַ גיהנום.

— — — — — — — — —

פּוסטעפּאַסעווען טאָר מען ניט אַזוי פילט ער.
אַ שטרענגער באַפעל:
אויב ניט אין פאַבריק,
טאָ גיי אין ארטעל.
— — — — — — — — — — — —
אַבי טו עפּעס.

ער האַלט זיך היפּש העכער
פון די אידן מיט די בערד,
— ער וויל ניט, ער קאָן ניט,
ער האָט עס אין דר'ערד.

— — — — — — — — —

מיט'ן ארטעל זיך פאַרבינדן
איז אַ פּראַקטישער פּלאַן —
אַ געלעגנהייט, זעט ער,
איז דאָרטן פאַראַן.
— — — — — — — — — — — —
ער האָט אַן אויג. . .

אָט וואו!

באַשלאָסן האָט בערטשיק
אַ „פּראָגולניק" צו ווערן;
— און אנשטאָט פּראָדוצירן
אָנגעהויבן שטערן.

— — — — — — — — —

דער בחור איז באַגייסטערט
אַ פאַר וואָכן צייט,
נאָר פלוצלונג זעט מען:
סע קומט פאַר אַ בייט.
— — — — — — — — — — — —
ניט אויף קאַטאָוועס.

אַ נאַטור אַזאַ!

ארומגעטאַנצט האָט בערטשיק
אַ לענגערע צייט;
— באַשליסט אַז ער קאָן ניט
דאָ ווערן קיין „לייט".

— — — — — — — — —

אין ארטעל האָט די חברה
דערקאָנט און דערפילט:
בערטשיק'ס התפעלות
אינגאַנצן פאַרקילט.
— — — — — — — — — — — —
דראַליעס.

אין ס. פּ.

פאַר זיינע אידייען:
איז דער וועג דאָ פאַרשטעלט
— פאַרוואָס ניט אַוועקגיין
אין דער „פרייערער" וועלט?

— — — — — — — — —

ס'טייטש, היתכן,
ווי קומט עס, פאַרוואָס?
בערטשיק'ן ווילט זיך
זיין אַ באַלעבאָס.

אדרבא! אדרבא!

4

נאָך לאַנגע מאַטערנישן
קיין פּוילן זיך דערשלאָגן;

געפּרואווט האָט ער דאָרטן
אַ „טאָפּ מאָן אין וואָגן“.
— — — — — — — — — — — — — — —
אפשר —

כאָטש געלייענט האָט בערטשיק
אין סאָוועטישע גאַזעטן:
די אידן פון פּוילן
הערן ניט אויף בעטן;
— — — — — — — — — — — — — — —
דהיינו, וואָס?

— גוטע מענטשן, ראַטעוועט,
— אויף אונז ליגט דער חלף.
האָט בערטשיק געגלויבט?
לאַ מיט אַן אַלעף!
— — — — — — — — — — — — — — —
ניט ביי מאָטיע'ן!

בערטשיק איז אַ חכם,
פאַרשטייט ער דאָך אַלץ.
„נייעס“, זאָגט ער, „לייענט מען
מיט אַ טראָפּעלע זאַלץ“.
— — — — — — — — — — — — — — —
פּעפּער שאַדט אויך ניט. . .

„קאָן זיין די מעשה איז
ניט געשטויגן און געפלויגן“.
איצט אָבער זעט ער עס
מיט זיינע אייגענע אויגן.
— — — — — — — — — — — — — — —
ממש אָנצוטאַפּן.

דערצו איז דאָס לאַנד נאָך
שווידערלעך אָרים;
עס מאַכט אָפּט דעם איינדרוק
ווי אַ בית־עולם מיט קברים.
— — — — — — — — — — — — — — —
אַ פיינער איינדרוק!

מען דאַרף, הייסט עס, זוכן,
אַ פּלאַץ אַן אַנדערן —
די פּיס אויף די פּלייצעס,
און בערטשיק נעמט וואַנדערן.
— — — — — — — — — — — — — — —
אַ ברירה האָט ער?
5
אין רומעניע, אין עסטרייך,
דעם „דופק געטאַפּט“;
פון דאָרטן קיין פראַנקרייך
זיך אַריבערגעכאַפּט.
— — — — — — — — — — — — — — —
אַז מען מוז!

דאָ וועט אים זיכער
קיינער ניט שטערן;
דאָ וועט ער קאָנען
„זעלבסטשטענדיק“ ווערן.
— — — — — — — — — — — — — — —
אוודאי, ווי דען?

דאָס לאַנד איז אַ "פרייע", (?)
אמת דעמאָקראַטיש;
צו אידן באַציט מען זיך,
לויט זיין מיינונג — סימפּאַטיש.
— — — — — — — — — — — — — — —
וואָס נאָך דאַרף מען?

ער דאַרף נאָר אַ פּלאַץ
אַ „ריכטיקס“ געפינען,
מיט דער צייט וועט ער זיכער
אַ סך געלט פאַרדינען.
— — — — — — — — — — — — — — —
פאַרלאָזט זיך אויף אים!

ער'ט נעמען באַלד שפּאָרן
אַ פראַנק צו אַ פראַנק
און. . . ער האָט שוין אַ פּלאַן
ביי זיך אין געדאַנק. . .

— — — — — — — —

אַן אייזערנע קאָפּ!

אַ פּלאַן, אַ געניאַלער,
אַ נו, אַדרבה, טרעפט!
ער וועט עפענען אין קורצן
פאַר זיך אַ געשעפט.

— — — — — — — —

ווי געפעלט אייך

6

געהאַט האָט בערטשיק
צו זינגען און זאָגן
ביז ער האָט זיך
צו אַרבעט דערשלאָגן.
טעג-ווייז אומגעגאַנגען
מיט אַ ליידיקן מאָגן.

— — — — — — — —

אָט וואָס!

נאָר בערטשיק'ן שרעקן ניט
אַזעלכענע זאַכן;
ער מוז און ער וועט
אַ קאַריערע זיך מאַכן.

— — — — — — — —

ש'קשה!

בערטשיק איז אויכעט
אַ גרויסער סטראַטעג —
באַשלאָסן צו גיין איצט
אויף אַן אַנדער וועג.

— — — — — — — —

פאַרלאָזט זיך אויף אים!

אויפגעהערט אומגיין
מיט אַ פאַריסענער נאָז.
געזינטער זיך האַלטן
נידעריקער פון גראָז.

— — — — — — — —

אומשטענדן. . .

האָט דער באַלעבאָס
צי דער אויפזועהער געשריגן,
האָט בערטשיק געדולדיק
אַלעם פאַרשוויגן.

— — — — — — — —

ס'איז געזינטער. . .

זאָל מען אים זידלען
וויפיל מען וויל,
דאָס טאָר ניט שטערן
דערגרייכן דעם ציל.

— — — — — — — —

דיפּלאָמאַטיע. . .

זיך אַנשליסן אפשר
אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין?
צי האָט ער געפּרואווט ווען?
דער ענטפער איז ניין!

— — — — — — — —

ניט פאַר אים. . .

שטענדיק געאַרבעט,
קיינמאָל קיין רו;
געקליבן האָט בערטשיק
אַ סו צו אַ סו.

— — — — — — — —

תכלית!

און האָט ער אָפּגעשפּאָרט
עטלעכע פראַנק,
איז גענומען, געלאָפן
מיטן „אוצר" אין באַנק.

— — — — — — — —

קלוג ווי דער טאָג!

7

איז בערטשיק געלעגן
איינמאָל ביינאַכט,
ווענן זיין לאַגע

זיך ערנסט פאַרטראַכט:

— — — — — — — — — — — —

אַ פּראָבלעם.

קליין די פאַרדינסטן,
שווער פיל צו שפּאָרן;
געדויערן וועט אים
אַ שאָק מיט יאָרן.

— — — — — — — — — — — —

דערגרייכן עפּעס.

וואָס ווייטער ווערט ער דאָך,
עלטער, ניט אינגער —
שאָף קאַפּיטאַל
מיט בלויזע צען פינגער!

— — — — — — — — — — — —

ש׳מעגלעך!

האָט דאָך בערטשיק
אַ קאָפּ אָף די פּלייצעס,
דאַרף ער ניט פרעגן
ביי קיינעם קיין עצות.

— — — — — — — — — — — —

ניט נויטיג.

געלייענט האָט בערטשיק
אויך אָפטמאָל געהערט:
פון שפּילן „אויף מזל"
רייך אָפט מען ווערט.

— — — — — — — — — — — —

ס׳אַ פאַקט.

מיט אַ קאָפּ ווי זיינע,
שקלאַפן אין פאַבריק?
צו דער „קאַסינאָ"
געווענדעט זיין בליק.

— — — — — — — — — — — —

וואו דען?

ער וועט זיך ניט איילן,
שטודירן ער וועט,
גענוי זיך באַקאָנען
מיט דער שפּיל פון „רולעט".

— — — — — — — — — — — —

ס׳אַן ענין.

באַהערשט שוין אביסל
די פראַנצויזישע שפּראַך;
אים אָבער דאַכט זיך:
ער קאָן שוין אַ סך.

— — — — — — — — — — — —

דען דאָ אַ שיעור?

פּוצט ער זיך אויסעט,
ווי אַן אמת׳ער פראַנט.
אָוועק אין קאַסינאָ
מיט אַ שטאָק אין דער האַנט.

— — — — — — — — — — — —

ס׳איז שענער.

ער נעמט דאָרט קומען,
טאָג איין און טאָג אויס —
די געלעגנהייט, זעט ער,
איז גוואַלדיק „גרויס". . .

— — — — — — — — — — — —

או־וואַ!

באַקאַנט זיך צעביסלעך
מיט דער געמבלערישער שפּיל.
ער קאָן שוין ניט בלייבן
רואיק און קיל.

— — — — — — — — — — — —

ווער קאָן יאָ?

— ביז וואַניד — טראַכט ער זיך
— וועל איך זיין נאָך אַ טרום?
הכלל און בקיצור,
ער קומט צום באַשלוס;

— — — — — — — — — —

דהיינו?

— דאָס געלט פון דער באַנק
— אַרויסנעמען וועל איך;
— ניט אָנהויבן האַסטיק,
— נאָר רואיק פּאַמעלעך.

— — — — — — — — — —

פאַרזיכטיג!

א קלוגער איז בערטשיק —
ס'א זיכערע זאַך!
די קאַסינאָ פאַרמאָגט אבער
פון דעם מין גאָר א סך.

— — — — — — — — — —

קיין צווייפל!

ניט איינער האָט דאָרטן,
געלייגט שוין דעם קאָפּ.
זיי קומען ווי זומער־פייגעלעך
און סמאַליען זיך אָפּ.

— — — — — — — — — —

ביז אַרונטער.

ווייס דאָס ניט בערטשיק?
אודאי, ער ווייסט!
ער וועט זיין פון די „גליקלעכע"
איז זיין האָפנונג, זיין טרייסט.

— — — — — — — — — —

עס קאָן טרעפן. . .

ער האָט ניט קיין אויסוועג,
ער מוז עס דאָך טאָן!
און דריטהאַלבן יאָר שפּאָראַכ'ן
שטעלט ער אין קאָן.

— — — — — — — — — —

האָט ניט מער. . .

כאָטש בערטשיק איז קיינמאָל
א גלויביקער געווען,
אָבער אין קאַסינאָ
איז א וואונדער געשען.

— — — — — — — — — —

ניט איינמאָל.

די אויגן צום הימל
פאַרריסן ער האָט,
אָנגעהויבן שטילערהייט
בעטן צו גאָט.

— — — — — — — — — —

דאָס ריכטיקע אָרט. . .

יעדן מאָל נאָר
ווען ער שטעלט איין א פראַנק
זאָגט ער א תפילה
ביי זיך אין געדאַנק.

— — — — — — — — — —

ווער ווייסט?

שווער איז צו וויסן
וואָס מיט גאָט האָט פאַסירט;
בערטשיק'ס תפילות
האָבן אים ניט גערירט.

— — — — — — — — — —

אפשר ברוגז?

האָט בערטשיק געטראַכט,
האָט בערטשיק געקלערט;
אפּנים דאָ רייך ווערן
איז אים ניט באַשערט.

— — — — — — — — — —

וואָס טוט מען?

ווידער גיין אַרבעטן
איז אויך ניט קיין צוועק.
ער פאָרט קיין אַמעריקע
און פטור — אַן עק!

— — — — — — — — — —

ס'אן אויסוועג?

ער איז זיכער אז דאָרטן
ווערט ער אַ גביר —
בערטשיק האָט אַ קאָפּ,
איר שפּילט זיך מיט איר?

— — — — — — — — —

נאָו סער!

ווען קאָלומבוס איז געפאָרן
אַ לאַנד צו געפינען,
האָט ער אַזעלכע ווי בערטשיק
געהאַט דאָן אין זינען.

— — — — — — — — —

וועמען דען?

צו וועמען פּאָרט בערטשיק?
האָט ניט קיין זאָרג!
ער האָט פיל באַקאַנטע
לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק.

— — — — — — — — —

מע ווארט אויף אים. . .

8

ניו־יאָרק האָט איצט
אַן אַנגעלייגטן גאַסט;
מעשיות דערציילט ער —
אויפן אָרט זיי פאַרפּאַסט.

— — — — — — — — —

אַ גרויסע זאַך?

אין סאָוועטן פאַרבאַנד
איז ער אַ מאַכער געווען —
נאָר ווי קומט ער אַהערצו?
ס'איז אָט וואָס געשען:

— — — — — — — — —

איר מעגט'ס הערן!

אַן אַנהייגער, אַ שטאַרקער
פון דער סאָוועטישער מאַכט,
האָט ער דעריבער געאַרבעט
טאָג אַזוי ווי נאַכט.

— — — — — — — — —

גלויבט אים, ביטע!

אַ פרייע מינוט
זעלטן געהאַט —
מע דאַרף דאָך אַרויסהעלפן
דעם פּראָלעטאַריאַט!

— — — — — — — — —

יועמען דען?

האָט מען צו טאָן אָבער,
מיט אַ שלעכטן רעזשים —
ווי אויף אַ שונא,
קוקט מען אויף אים.

— — — — — — — — —

גלאַט אַזוי זיך.

חטאים מען נישטערט
מע זוכט און מע קראַצט,
עס האָט ביי בערטשיק'ן
די גאַל שיעור ניט געפּלאַצט.

— — — — — — — — —

נאַטירלעך!

וואו ער איז געגאַנגען —
אויף יעטװעדן שריט,
פּונקט ווי אַ גנב,
רק נאָר געהיט.

— — — — — — — — —

געהערט אַזוינס?

די אַלע צרות,
זיך גענומען דערפון;
ער איז אַ געוועזענעם'ס
הענדלער'ס אַ זון.

— — — — — — — — —

אַט וואָס!

באַטראַכט ווערט׳ס דאָרטן
פּאָר אַ שענדלעכן פלעק;
מע האָט אים געמוטשעט,
געמאַטערט אַ שרעק.
— — — — — — —
וואָס חברה׳ קאָן!

ער וויל נעבעך אַרבעטן
ערלעך, געטריי —
אַנשטאָט אַ באַלוינונג,
אין פּנים אַ שפּיי.
— — — — — — —
אַזאַ סקאַנדאַל!

דער ווייטיק ברענט אים —
אַ פייער, אַ בראַנד.
און ענדלעך פאַרלאָזט ער
דעם סאָוועטן-פאַרבאַנד.
— — — — — — —
אַך! אַך! אַך!

ניט די ריכטיקע צוהערער
האָט בערטשיק דערטאַפּט;
עס האָט זיי זיין מעשה
ווינציק פאַרכאַפּט.
— — — — — — —
ניט קיין נייעס!

קאַלט פאַרבליבן
פון אָנהויב ביז סוף;
אַפּנים געהאַלטן
די מעשה איז אַ „בלאָף״.
— — — — — — —
קוקט אוים אַזוי. . .

בערטשיק האָט אָבער
לאַנדסלייט — אַ שרעק!
ז׳ער מיט זיין מעשה
צו זיי באַלד אַוועק.
— — — — — — —
מע דאַרף פּרוּוון.

זיי לייענען די פּרעסע
פון איסט בראָדוויי! !
האָט בערטשיק „מאַרטירער״
אַפּעלירט שטאַרק צו זיי.
— — — — — — —
ענדלעך צוגעטראָפן.

וועלנדיק זייערע
הערצער געווינען
לאָזט ער צייטנווייז
אַ פּאָר טרערעלעך רינען.
— — — — — — —
ס׳אַ סגולה.

בערטשיק דערשמעקט באַלד,
בערטשיק פאַרשטייט:
אַ מעשה פון „רוסלאַנד״
איז אַ סחורה וואָס „גייט״.
— — — — — — —
ער האָט אַ חוש.

9

גענומען האָט העכסטנס
אַ וואָך אָדער צוויי,
איז אַ אידישער „פּעיפּער״
אַרוים מיט אַ געשריי:
— — — — — — —
ווי דען, שטילערהייט?

— אידן און אידענעס,
— מיט בערד און מיט גוידער.
— לייענט אונזער „פּעיפּער״,
— וועט אייך כאַפּן אַ שווידער!
— — — — — — —
אומגעפּער.

— לײענט װעגן רוסלאַנד, —
— אַ גרױסן סקאַנדאַל!
— מען באַהאַנדלט דאָרט מענטשן
— שרעקלעך! ברוטאַל!
— — — — — — — — — — — —
„בעליװ איט אָר נאָט"...

— לײענט פון בערטשיק׳ן,
— דעם גרױסן מאַרטירער,
— רוסלאַנד׳ס בעסטער
— געװעזענער פירער.
— — — — — — — — — — — —
ניט מער און ניט װעניקער.

— געמאַכט פון אים דאָרטן
— פּשוט אַ תּל; — —
— ער שרײבט איצט די מעשׂה
— פאַר אונז ספּעציעל.
— — — — — — — — — — — —
ס׳אַ פאַקט.

— ער שרײבט זי מיט טרערן
— אױף זײַן בלאַסן געזיכט;
— צו לײענען די מעשׂה
— איז אײער הײליקע פליכט.
— — — — — — — — — — — —
סאָ העלפּ מי גאָד!

קאַנטיק אַז בערטשיק
איז אַ גװאַלדיקער בריה,
ניט נאָר אײן מעשׂה —
ער „דעליװערט" אַ סעריע.
— — — — — — — — — — — —
האָלסעיל.

— — — — — — — — — — — —
אַ פײַן קעפּל!

איז בערטשיק אַ שרײבער,
שׂכירות ער קריגט;
די װעלט איז איצט זײַנע —
געקומען — געזיגט...
— — — — — — — — — — — —
קינענאָרע.

מיט שרײבער גלײכט נאָר
בערטשיק צו גײן,
ער קלײבט זיך אָנשליסן
אין אַ „שרײבער פאַראײן".
— — — — — — — — — — — —
שױן צײַט.

ער שרײבט אין אַ „פּעיפּער".
קריגט גוטע געלט —
דער װעג איז אודאי
פאַר אים ניט פאַרשטעלט..
— — — — — — — — — — — —
װי אַנדערש?

נאָר גײ זײ אַ חכם
און ריכט זי דערױף
אַז צו בערטשיק׳ס „מזל"
זאָל קומען אַ סוף.
— — — — — — — — — — — —
גײ װײס!

עס רופט דער רעדאַקטאָר
אים אײנמאָל אַרײַן;
— בערטשיק, גענוג שױן
— אַ „מאַרטירער" צו זײַן!

ער שרײבט, װי מען זאָגט דאָרט:— — — — — — — — —
אױף טיש און אױף בײנק.
די סעריע רופט זיך:
„סאָװעטישע קרענק".

אָט מיט די װערטער.
— פרישע „מאַרטירער"

— האָבן „סחורה" געבראַכט;
— נאָר זיי האָבן דאָס קונציק,
— בעסער פאַרטראַכט.
— — — — — — — — — —

קאָנקורענץ.

בערטשיק איז אין כעס,
נאָר שריי „חי וקיים";
די רעדאַקציע אַנאָנסירט שוין
אַ „מאַרטירער" אַ נייעם.
— — — — — — — — — —

אַזוינס ווי אַזעלכעס!

אוועק זיינען וואָכן,
גאַנצע מאָנאַטן;
בערטשיק פילט זיך
אַנטוישט און פאַרראַטן.
— — — — — — — — — —

אומדאַנקבאַרע וועלט!

באַקאַנטע דערקלערן,
מען גיט אים פאַרשטיין:
— „די אַרבעט איז אָפּגעטאָן
— דער מור קאָן זיך גיין".
— — — — — — — — — —

אַ באַקאַנטע פראַזע.
11
געוואָלט שוין דאָ מאַכן
פון דער מעשה אַ סוף;
האָב איך דאָך צוגעזאָגט
פון „א" ביז „ת".
— — — — — — — — — —

פאַרפאַלן. . .

בערטשיק פאַרמאָגט דאָך
אַ מוח וואָס רירט זיך;
ער איז ניט חלילה
אַ מענטש וואָס פאַרלירט זיך.
— — — — — — — — — —

ניעמאַלס!

אָט איז ער דאָ
און אָט איז ער דאָרט,
געוועזן איז שוין בערטשיק
וואָס אין דער קאָרט.
— — — — — — — — — —

ניט איבערקלייבעריש.

אַרבעטן וועל ער ניט,
צו איידל די הענט;
איז ער געוואָרן
אַ „סינגער" אַגענט.
— — — — — — — — — —

ס'אַ פּראָפעסיע.

ווען מען א שטייגער
ליגט גאָר אינזינען,
אין די יאָרן פון קריזיס
קויפן מאַשינען.
— — — — — — — — — —

וואו'ט ער נעמען?

פאַרלאָזט זיך בערטשיק
אויפן פנים אַ גריוועי,
און ווערט אַ קאָלעקטאָר
פאַר אַ גרויסער ישיבה.
— — — — — — — — — —

אַבי פּרנסה.

פאַרקויפט האָט ער אויכעט
אַ מאָנאַט צי צוויי,
פון די „איריש סוויפ-סטייק"
צעטלעך לאָטעריי.
— — — — — — — — — —

אַז סע גייט ניט!

געוואָרפן האָט ער זיך
אַהער און אַהין;

גערפרואווט פאַרקויפן
פון יעטוועדן מין.

— — — — — — — — — —

אפשר. . .

12

ענדלעך האָט בערטשיק
זיין תיקון באקומען;
צו אַ מזל׳דיקער פּראָפעסיע
האָט ער זיך גענומען.

— — — — — — — — — —

אַ סוף זאָל עס נעמען!

אַרום די שענקען
מען זעט זיך אים דרייען;
פאַר׳חלש׳טע הערצער
זוכט ער דערפרייען.

— — — — — — — — — —

זייער נאָבל!

דאָס הערצל טיאָכקעט,
ער האָט קאָנטיק מורא,
ער פאַרקויפט, פאַרשטייט איר מיך
— פאַרבאָטענע סחורה.

— — — — — — — — — —

זייער טשיקאַווע!

פאַרנומען איז ער אינגאַנצן
בלויז אַ פּאָר שטונדן;
ער האָט זיך שוין איינגעשאַפט
אַ היפּש ביסל קונדן.

— — — — — — — — — —

ניט צו פאַרזינדיקן!

ס׳אַ סוד וואָס ער פאַרקויפט דאָרט,
טאָ מאַכט ניט קיין געפילדער!
ער פאַרקויפט צו שיכורים
פּאָרנאָגראַפישע בילדער.

— — — — — — — — — —

אָן עק! אַ סוף!

פייל און בויגן

# דער לעצטער מנחם מענדל
## (געשריבן אין שלום עליכם טאָן)

שיינע שיינדל, קום נאָר אַהער, גיב נאָר אַ קוק, זע נאָר ווער ס׳איז דאָ! אברהם בער, שרה גנענדלס זון! הער אַ מעשה, ווי לאַנג איז אַז דו ביסט אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע? שוין דאַכט זיך אַ קימאַ לן פון אַ יאָר. . . פון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק און אפשר טאַקע די גאַנצע דרייסיק. יאָ, זאָלן מיר טאַקע ביידע אַזוי לעבן ווי סע שוין דאָ אין דעם דרייסיק יאָר און אפשר מיט אַ סמיטשיק. יאָ אַוואַדע, אַוואַדע. איך בין דאָך יעמאָלט געווען אין אַדעס און געהאַנדלט אַף דער בערזע. שיינע שיינדל האָט מיר טאַקע געשריבן. . . וואָס פאַר אַ לויה, כ׳מיין ארויסבאַגלייטונג, דו האָסט געהאַט באַם אַוועקפאָרן, קינד און קייט זענען געלאָפן קוקן.

וואָס זשע שטייסטו בנימין, זעץ זיך אַוועק. וואָס באַטראַכסטו וואָס, ס׳איז ניט שניפּעשאָק, מיט די בלאַטיקע געסלאַך וואו מ׳איז אַ גאַנץ יאָר אַרומגעגאַנגען מיט אַ קאַטאַר אין נאָז פון די געשמאַקע ריחות וואָס האָט געזעצט פון אַלע זייטן. דאָ זענען מיר קינענאָרע אַ גאַנץ גייענדיק יאָר אַף דער פרייער נאַטור. קאָנסט זען די גאַנצע יאַרמולקע פון הימל און די היטל ניט דאַרפן אַרונטערנעמען.

שאַ נאָר שאַ, וואָס האָב איך געהערט: ביסט געוואָרן אַ פּיסאַטיעל, אַ שרייבער, הייסט עס, דאָרטן אין אַמעריקע? שרייבסט כאַטש אַן גוטע קוויטלעך פאַר דיר, כאַ-כאַ-כאַ! וואָס קוקסטו אַזוי אַף מיר? וואונדערסט זיך וואָס איך לאַך? פאַרוואָס זאָל איך ניט לאַכן, פאַרוואָס? וואָס מיינסטו ס׳איז יענע צייט פון שטעטל? וואו מ׳איז פאַרשוואַרצט און אויסגעריסן געוואָרן אַלע טאָג אין יאָר חוץ שבת און יום-טוב ווייל יעמאָלט איז מען אויסגעריסן געוואָרן כופל כפלים און מורא געהאַט פאַר פּאָגראָמען חוץ אַנדערע מורא׳ס און יעדע פּוס איז געווען אַ לולב. היינט לעבן מיר דאָך מיט די גוים ווי איין מאַמע וואָלט אונז געהאַט. הערסט בנימין, אַז איך גיב אַ טראַכט פון אַמאָל און היינט איז, זאָג איך דיר פּלאי פּלאים, ס׳איז משיח׳ס צייטן. האַ, זאָג, אפשר ניין?

וואָס? דו ווילסט עס פאַרשרייבן, מהיכא-תתא, פאַרוואָס ניט. שלום עליכם האָט מיר אַמאָל באַשריבן ווי איך קוק אויס ווען איך פלי אַרום אַף דער בערזע טאָ נעם זיי מוחל און פאַרשרייב ווי אַזוי איך קוק אויס אַלס אַ פּויער וואָס פליט ניט. נעם טאַקע פאַרשרייב, זיי מוחל, די וועלט דענקט מסתמא, אַז

מנחם מענדל איז שוין ניטאָ — אויסגעצויגן די פיס. נו, ווי מיינסטו? טאַקע ניט געהערט פון מיר אַזאַ לאַנגע צייט. זאָל די וועלט טאַקע ווייסן און גלויב מיר ס׳איז דאָ וואָס צו הערן, ווען איך זאָל דיר דערציילן אַ צענט חלק וואָלט געקלעקט פאַר קינדס-קינדער זאָקן צו באַנייען, אַ באַרג מיט ספרים וואָלסטו געקענט אָנפילן.

שיינע שיינדל וואו ביסט דו ערגעץ? אָט קומט זי. זי טראָגט וויין, טראָגט זי. דערקאָנסט אים שיינע שיינדל? ס׳איז דער אייגענער בנימין, נאָר די צייט האָט אים אַביסל אַנדערש אויסגעשלייערט. אַזאַ טבע האָט שוין די צייט אַז זי כאַפּט זיך אַרויף אַף דיר האַלט זי שבת און מאַכט הבדלה. ווי זאָגסטו ביזן גרויען צאָפּ אַריין.

נו, נעם אַביסל וויין בנימין. ס׳איז אייגענער געמאַכטער פון אייגענע וויינטרויבן. ס׳איז ניט שייע וויינשענקער׳ס וויין וואָס דו האָסט קיינמאָל ניט געוואוסט וועלכע ברכה מאַכן דערויף.

שיינע שיינדל, סע נאָך דאָ אַ פּאָר קנישעקלאך? זיי זשע מוחל, דערלאַנג זיי אַהער, זאָל ער פילן דער אַמעריקאַנעץ ־עם אמת׳ן טעם פון אַ קנישיקל.

וואָס זאָגסטו? איך זאָל זיך דערווייל נעמען צו דער סדרה אלה תולדות דערציילן די מעשה, נו גוט! האָסט אַ פּען? אויב יאָ, איז נעם און שרייב.

געדענקסט דאָך וואו שלום עליכם האָט פאַרענדיקט די בריף פאַר מיר צו שיינע שיינדלען אַז איך פאָר קיין אַמעריקע איז דאָ טאַקע וועל איך אָנהויבן.

איך קום צום אַגענט און זאָג אים: הערט זיך איין פּאַניע לעבן: קוקט ניט וואָס איך האָב מיט זיך נאָר איין קאָרזינקע, פּעקלאך האָב איך אַ סך אַף זיך. קיינער זעט זיי ניט, אָבער איך פיל זיי אין די ביינער, דערפאַר מוז איך עוקר זיין, אַוועק פאָרן קיין אמעריקע. לכן דערימעך וויל איך אייך בעטן פּאַניע לעבן אז איר זאָלט׳ס אזוי מאַכן אז איך זאָל דעם גרעניץ נישט דאַרפן גנב׳ענען. וואָרום טאָמער חלילה פאַל איך אריין, איז אויס מנחם מענדל. איר פאַרשטייט פּאַניע לעבן איך בין אַ שווערער פּאַסאַזשיר, אַ איד מיט אַ סך פּעקלאך אַף זיך. איך קאָן ניט לויפן די גרעניץ, איך מוז פאָרן, איר פאַרשטייט, פאָרן מוז איך.

נעמט ער אַרונטער די פּענסנע זיינע, ווישט זיי אויס פּאַמעלעכקע און זאָגט מיר פּאַוואָלינקע, בנעימות. ער האָט דאָך

צייט, ער דארף דאָך ניט פאָרן, ציט ער יעדן וואָרט אַף א שנירעלע.

מנחם מענדל, זאָגט ער, ס'עט קאָסטן נאָך א 25'ער.

וואו וועל איך נעמען? זאָג איך, בא־גנב־ענען א קלויסטער? בקיצור ער איז מושוה געוואָרן אַף א צענערל.

פאַר א 25'ער וואָלט ער מיר צוגעשריבן צו א יונגער פרוי וואָס האָט א גובערנאַטאָרסקן פּאַס און פאָרט צו איר מאַן אין אמעריקע, פאַר א צענערל אָבער וועט ער מיר צושרייבן, זאָגט ער, צו אַן עלטערער פרוי. ער גיט מיר די ברירה. וואָס זשע זאָג איך, איך דארף דען מיט איר התונה האָבן? סעך בלויז איבערן גרעניץ, שמייכלט ער דער מאַשעניק און פאָרט מיר צוזאַמען מיט א אידענע וואָס איז צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי איך.

עטאַ טוואָיאַ זשינקאַ? פרעגט מיר אַף דער טאַמאָזשנע א מאַן מיט א גראָבן בויך און קוקט מיט חשד אַף מיר.

א יאַקזשע, אַוואַדע, זאָג איך, איז זי מיין פלונית'טע, ווי דען דיינע? פאַצעלוי יעאַ! גיב איר א קוש, זאָגט ער. קווענקל איך זיך, ווערט ער אין כעס. וואָס זאָל איך דיר זאָגן בנימין, ס'איז מיר, דאַכט זיך, עד היום, זוייער אין פּיסק פונם קוש — א ברירה האָב איך געהאַט? ווייל וואָס טו איך אַז ער שיקט מיר צוריק. אַף פאַניע גנב איז דאָך אַלץ צו גלויבן!

הערסטו בנימין, איך האָב עטלעכע טעג נאָכדעם געבראַ־קעט און געשפּיגן קוקנדיק אַף דער יפיפיה, נאָר אַז מע וויל שמועסן צוריק וואָס איז זי שולדיק אַז דער רבונו של עולם האָט איר געשענקט אַזאַ פנים. איך האָב אָבער אָפּגעמאַכט בא זיך אַז סע זאָל מיר קאָסטן מי יודע וואָס, מיט דער אשה פאָר איך ניט אַף איין שיף. איך ווייס ניט צי איך בין איר געפעלן צי דער קוש מיינער האָט איר פאַרשמעקט, זי האָט זיך גענומען שאַרן צו מיר.

טפו צו מיינע שונאים'ס קעפּ, טראַכט איך מיר. נאָך דאָס גייט מיר אָפּ צו מיינע צרות. ראשית האָב איך א ווייב ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר. והשנית, פּאַסט איר צו זיין מיין מאַמע. והשלישית, איז זי דאָך מוקצה, מחמת מיאוס, גאָט יאָל מיר ניט שטראָפן פאַר די רייד. א פנים, שוין איינמאָל א פנים, מע קאָן רייבן כריין אַף אים אַזויפיל בראָדעווקעס און חן'דעלט זיך נאָך צו די צרות — איז דאָך אָבער גאָט א פּאַטער, נעמט מען און מע בראַקעוועט מיר אויס. איך האָב, זאָגן זיי, שלעכטע אויגן, עס געפעלט זיי ניט מיינע אויגן, מע לאָזט ניט גיין אַפּן שיף. נו בנימין, זאָג אַליין איז עס נישט צו לאַכן? גיב נאָר א קוק אַף מיינע אויגן, זעסט עפעס אין זיי? די ציגן זאָלן אַזוי

ווייסן שפּרינגען אין גאָרטן ווי די דאָקטוירים ווייסן וואָס זיי רעדן!מנחם מענדל׳ס אויגן געפעלט זיי ניט. אז איך בין גע-שטאַנען אין איין עק שטאָט און אַז אַ גוי מיט אַ וואָגן איז אָנגעקומען פון דער צווייטער זייט שטאָט, בין איך דאָך געווען דער ערשטער צו באַמערקן. נאָר ווי זאָגסטו: מסתמא איז אַזוי באַשערט.

אָט איז דאָ שיינע שיינדל מיט די קנישקעלעך. נעם פאַרזוך זיי בנימין. ס׳איז שוין איינמאָל קנישעקלעך, ס׳איז ווי די באָבע עליה השלום פלעגט זאָגן בחרבו ובקשתו — אַלץ אייגנס. אַליין געמאַכט, ס׳הייסט ניט איך, שיינע שיינדל, זאָל לעבן, מאַכט זיי פון מעל וואָס קומט פון אייגענעם פעלד און דאָס פלייש אין די קנישעקלעך איז פון אייגן קאַלב. די מלוכה זאָל געזונט און שטאַרק זיין — באַזאָרגט אונז מיט אַלעם, אַרבעט וויפיל דו קאָנסט און עס געזונטערהייט. אָט דאָס איז דער געזעץ פון לאַנד — ביסטו אַ מענטש ווערסטו עסן אין סוכה אָבער וואָס נאָר אין סוכה און פאַר סוכות און נאָך סוכות. אַ גאַנץ קיילעכדיק יאָר אַבי געזונט. אָט אַזוי איז דאָ, אָבער לאָמיר ניט כאַפּן די פיש פאַר דער נעץ.

געקומען צוריק אַהיים, זאָג איך: שיינע שיינדל, אַזוי ווי גאָט פירט אַזוי וועט זיין, מסתמא וויל ער ניט אז איך זאָל זיין אַן אַמעריקאַנער און אז ער זאָגט איז פאַרפאַלן.

שיינע שיינדל, זאָג איך, האָסט אַ געראָטעוועטן מאַן, מעגסט בענטשן גומל און דערצייל איר די מעשה פון דער אידענע מיטן גובערנאַטאָרסקן פּאַס. אויב דו האָסט, זאָג איך, אַביסל משקה מעגסטו דערלאַנגען וועלן מיר מאַכן יום-טוב. איך וועל מיר אויסרוען אַ פּאָר טעג און זיך ווייטער אַרויסלאָזן אַף דער וועלט. נישקשה, זאָג איך: איז ניט אָדעס צי וואַרשע. קאַרג גרויסע שטעט פאַראַנען? אַבי יאָרן און געזונט קיין מסחרים וועלן ניט פעלן.

האָט זיך אָבער משפחה אריינגעלייגט לאָרכו ולרחבו — אין דער לענג און אין דער ברייט און פּאָפּעריק. עת לעשות שוין צייט, זאָגן זיי, ווערן אַ מענטש. געענוג אַרומגעפלויגן איבער דער וועלט, פאַרדרייט זיך אין יענעם די קאָפּ

הכלל — איך בין געוואָרן אַ שניט קרעמער. בין איך אָבער א איד וואָס די קאָפּ טראָגט נאָר אין דער לופטן — פלענער פעלן מיר ניט. הויב איך באַלד אָן מאַכן ראַספּראָדאַזשעס און פאַר-קויף סחורה בחצי חנם: למאי זאָל איך דיר זאָגן, איך האָב געהאַט פדיון די והותר, דער סוף איז אָבער געווען אז איך האָב ניט געהאַט מיט וואָס צו באַצאָלן פאַר דער סחורה. איז וואָס

זשע טוט מען? באַנקראָט, פּטור אַן עסק און עפּן איבערנייעם דאָס געשעפט אויף שיינע שיינדל׳ס נאָמען.

נו, וואָס זאָגסטו עפּעס צו די קנישעקלעך? דו שמייכלסט? גיב נאָר אַ קוק שיינע שיינדל, אַ יאָ ווען ער טראָגט אַ באָרד מיט פּאות וואָלט ער אויסגעקוקט ווי זיין טאַטע עליו השלום — ער מיט די ביינער, ס׳זאָל פעלן אַ האָר, זיין שמייכל. אַ ליכטיקן גן-עדן זאָל ער האָבן. אוי וויי׳ז מיר, ווען ניט די פּעטלורצעס, וואָלט ער נאָך היינט אויך געלעבט. געווען אַ איד אַ דעמב. סע נאָך אַ נס וואָס די באָלשעוויקעס זענען אָנגעקומען און געראַטעוועט עפּעס פונם חרוב׳ן שטעטל. ביסט דאָך מסתמא געווען דאָרט אויף קבר אבות בנימין. אַ פיינער תכלית געוואָרן פון שטעטל? נאָר שאַ נאָר שאַ. איך בין דאַכט זיך פאַרקראָכן אין אַ זייט.

איז וואו זשע האַלט איך? יאָ, געעפנט איבערנייעם דאָס געשעפט. מנחם מענדל, זאָג איך צו זיך אַליין, זיי אַ מענטש און הער אויף צו מאַכן קונצן. טו ווי אַלע אידן טוען. נו, קאָן איך זיך עפּעס איינהאַלטן? שטיי גאַנצע טעג אויפן טיר מיטן אַרשין אין האַנט און די קונים פאַרגעסן דעם אַדרעס. איז דאָך אָבער גאָט אַ פאָטער, ברעכט אויס די מלחמה אין 1914 און סע הויבט אָן ווערן אַ יקרות אויף סחורה — מיט גאָלד צוגלייך. און וואָס זאָל איך דיר זאָגן, אַ דאַנק דעם אויבערשטן — סע הויבט אָן גיין בתפים ובמחולות דורך טיר און דורך פענסטער.

שיינע שיינדל זאָג איך, סעט לאַנג ניט נעמען און בראָדס-קי וועט באַ אונז הייצן פּעטשערעס. איך האָב שוין אַפילו געפּלאָנעוועט, לאָזן בויען אַ 4 עטאַזשנעם מויער אָבער אַזאַ מע זאָל לויפן קוקן אויף חדושים מיט געזימצן און שקאַטורקע, און שיינע שיינדלען האָב איך געזאָלט נעמען קיין ווארשע און דאָרטן אויסקלייבן מעבל אָבער ניט גלאַט מעבל נאָר אַנטיק שעבע אַנטיק. נו, איך זע אַז די האַנט טוט דיר ווי שרייבנדיק, נו רו זיך אָפּ. באַטראַכט אַביסל דאָס פאַרמעגן. זעסט אָט דעם כליוו דאָרטן. פול מיט תבואה. וואָס זאָל איך דיר זאָגן בניטין, סע בייסט די הענט׳ סע ווילט זיך אַ האַנדל טאָן. דער אַמאָליקער יצר הרע טורקעט סכנות נפשות אָבער וואָס ווייטער ווערט ער אַלץ שוואַכער. ער זעט דאָך אַז מע הערט אים ווי דעם קאָטער און אַז ער שטייט שוין זייער שטאַרק צו, דער יצר הרע, זאָגט מען אים: ברודערל, איצט זענען מיר מקיים דעם פּסוק: בזעת אפּך תאכל לחם — זיי אַ מענטש וועסטו עסן אין סוכה אַניט וועט זיין אַז ווי צו דיר. וואָס קוקסטו בנימין אפן טיר פון הויז.

זי געפעלט דיר? אָ, די מזוזה ווילסטו וויסן וואו זי איז? איך וועל דיר זאָגן דעם אמת בנימין: די ערשטע צייט איז טאַקע געווען אביסל פריקרע אָן אַ מזוזה. אַזוי ווי אָבער קיין שדים קומען ניט אַהער, האָב איך מיר מישב געווען אויך די אייגענע מעשה: קיין מוכר ספרים׳ניק מיט מזוזות קומען ניט און שדים אויך ניט איז מילא. למאי זאָל איך לייקענען אין הלכות אידיש־קייט הינקען מיר דאָ שטאַרק אונטער. דעם אמת זאָגנדיק בין איך קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער פרומאַק, אפילו ניט היינט געדאַכט אין ניקאָלאַי׳ס צייטן האָב איך ניט איינמאָל געמאַכט אַ קנייטש אין דאַוונען און הלואי פאַרמאָגן מיר ביידע די גוטע יאָר וויפיל מאָל איך האָב פאַרפעלט אַ מנחה, ווייל פונקט יענע צייט פלעג איך זיין פאַרטאַראַראַמט מיט עפּעס און די זון געזונט און שטאַרק זאָל זי זיין, האָט אַ טבע אַז סע קומט פאַרנאַכט איז הלך לעולמו — גייט זי שלאָפן — ווערט פינסטער און מע דאַרף שוין דאַוונען מעריב.

הערסטו בנימין, קום זעץ זיך אַוועק אַז דו גייסט אַרום מוז איך דאָך אויך אַרומגיין; אָט אַזוי, הערסטו, ס׳איז עפּעס אַזאַ חילוק פון אַמאָל ביז היינט אַזוי ווי פון טאָג ביז נאַכט. אַמאָל האָט מען זיך געפלאָגט און דעם רבונו של עולם געפאָלגט, צרות איז געווען אויפן פּוד איז אַלע טאָג אין וואָך פלעגט מען שרייען „שמע ישראל״, גאָטעניו, טאַטעניו העלף. וואָס עפּעס האָט מען פאַרריסן די אויגן צום הימל איז קיין פרנסה ניטאָ, איז באַלד צום רבונו של עולם, האָט זיך באַם קינד צעגאָסן אַ פערכל איבערן קעפּל, אַ זון דאַרף זיך שטעלן צום פּריזיוו, מע דאַרף חתונה מאַכן אַ טאָכטער און קיין נדן איז ניטאָ, האָט מען איין עצה: מע שרייט גוואַלד! שמע ישראל, און אַז ניקאָלײ גנב, ער זאָל זיך איבערקערן ראָקאָם וואו ער ליגט דאָרטן, האָט געהייסן מאַכן פּאָגראָמען אויף אידן איז דאָך גאָר געווען חשך, מ׳איז געלאָפן אין בית המדרש, אין שול, געריסן דעם ארון־קודש. אַזוי ווי דו זעסט בנימין איז גאָטס נאָמען ניט אַראָפּ פון די פאַרשמאַכטע ליפּן.

נו, נעם נאָך אַביסל ווײַן בנימין, וועסט ניט שיכור ווערן. בײַ דיין טאַטן, עליו השלום איז אַזאַ פלאַש געווען קיי און שפּיי. פאַרשטייסטו מיר, בנימין, דאָס איז אַלץ געווען אַמאָל ניט היינט געדאַכט, אָבער איצט איז אינגאַנצן אַנדערש. פּאָגראָמען, לא יזכר ולא יפקד. פאַרן וואָרט „זשיד״ אליין פאַרזעצט מען אין חד־גדיא פאַר אַ שיינע פּאָר חדשים און וואָס איז שייך פרנסה איז ניט צו פאַרזינדיקן.

אָט זעסט דאָך מיט דיינע אייגענע אויגן, און נחת פון

קינדער איז דאָ. געדענקסט דאָך מיין ברוך׳לען. ער איז איצט קינאָנאָרע אין די פעדערן — אַ קאָמאַנדיר אין דער רויטער אַרמיי. פאַרשטייסט בנימין: אַ איד, אַ נאַש בראַט אַ קאָמאַנ־דיר. וואָלסט אים באַדאַרפט אָנקוקן מיט די פּאַגאָנעס, מיט דער שווערד באַ דער זייט. למאי זאָל איך דיר זאָגן, איך בין דאָך ניט קיין אידענע נאָר סע שטעלן זיך מיר טרערן אין די אויגן ווען איך דערזע אים פאַרנדיק אפן פערד. מיין שיינע שיינדל איז געפאַלן חלשות פאַר פרייד ווען זי האָט אים דאָס ערשטע מאָל דערזען אויסגעפּוצט און זאָלסט זען ווי פּשוט ער איז באַ זיך, גלייך ווי ניט אים מיינט מען.

טאַטע, זאָגט ער, ווי געפעלט דיר עפּעס? ברוך מנחם מענדל׳ס אַ קאָמאַנדיר אין אַ קאַוואַלעריע פּאָלק.

נו מיין שרה׳קען געדענקסטו מסתמא ניט. זי איז שוין אויך אַ באַזאָרגטע — אַן אוטשיטעלניצע אין אַ גימנאַזיע. וואָלט מען דאָס געקאָנט דערלעבן אין ניקאָלייקעס צייטן? די ערד זאָל אים אַרויסוואַרפן, פּאָניע גנב. שאַ נאָר, יאָסלען האָסטו זאַזנאַיעט? מיט אים איז אויך ניטאָ וואָס זיך צו שעמען. ער איז אַן אינ־זשעניר — אַ גאָרני אינזשיניר. מ׳האָט אים זאַזנאַטשעט פאַרן קיין בירא־בידזשאַן. ער איז שוין טאַקע דאָרטן. וואָלסט באַ־דאַרפסט לייענען די בריף וואָס ער שיקט. טאַטע, שרייבט ער, ס׳עט שוין זיין אַ אידישע מלוכה טאַקע ווי אין פּסוק שטייט מיט הכל, בכל, מכל, פלעקל און אַלץ זאָגט ער וועט זיין אַף אונזער מאַמע לשון, אַף אידיש.

הערסטו בנימין, איך בין דאָך אַ מענטש מיט פאַנטאַזיע, מנחם מענדל׳ס פאַנטאַזיעס, און גיי ווייס! אין אַ לאַנד פון פּאָגראָמען, וואו דער אידישער נאָמען איז געוועזן צו שאַנד און צו שפּאָט, קומען באָלשעוויקעס און מנחם מענדלען גיט מען ערד. . . אַלע קינדער באַזאָרגט און אידן גיט מען אַ שטיק לאַנד פאַר אַן אייגענער מלוכה, נו זאָג אַליין איז דאָס ניט משיח׳ס צייטן?

אַקעגן דעם וואָס דו זאָגסט: „שמע ישראל“, זאָג דו אַליין בנימין אז מע איז מיט אַלץ באַזאָרגט, קומט עפּעס אויס צו שרייען „שמע ישראל“, האָ? שרייט מען טאַקע ניט. איך מיין ניט צו זאָגן אז איך בין חלילה געוואָרן אַ כופר בעיקר, זאָל גאָט אָפּהיטן, דערבייַ האַלט עס ניט, אָבער מ׳איז ניט מקפּיד אַזוי שטאַרק ווי אַמאָל. מע מאַכט איין קנייטש נאָכן צווייטן און אַז גאָט שווייגט ווי פלעגט זאָגן מיין שוויגער עליה השלום. אַז אים איז ליב איז מיר ניחא, איז גוט אָן אַ מזוזה און אז דער טלית־קטן איז צעריסן איז גוט אָן אים ווי אין פּסוק

שטייט: עברה גוררת עברה — איינס שלעפּט דאָס צווייטע ווי רינגען אין אַ קייט.

אָבער סטוי, וואוהין בין איך פאַרקראָכן? איך בין דאָך עפּעס אינגאַנצן אַרונטער פונם דרך הישר. וואו האָב איך פריער געהאַלטן? איך האָב געזאָלט זיך אויפבויען אַ מויער און פאַרן קיין וואַרשע. האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט ווי די שוויגער זאָגט: אַ מענטש טראַכט און גאָט לאַכט. ברעכט אויס אין 1917 די רעוואָלוציע און עס הויבט זיך אָן די סדרה בלק.

הערסט בנימין, זאָלסט אַפילו זיין מיט צען קעפּ וואָלסטו זיך ניט געקענט פאָרשטעלן וואָס מיר האָבן דאָ איבערגעלעבט. אַ רעוואָלוציע, בנימין, איז ניט קיין בייגל אויפצועסן. מילאָ דאָס וואָס פון מיין געשעפט איז ניט געבליבן קיין שריד ופליט בין איך שוין דיר מוחל. מ'איז דאָך פשוט ניט געווען זיכער מיטן לעבן איז מען ניט געווען. ביסט דאָך עפּעס אַ שרייבער האָסטו מסתמא געלייענט פון די פּעטלורצעס מיט מאַכנאָס באַנדעס. זיי זיינען געקומען ראַטעווען דאָס לאַנד פון די באָלשעוויקעס און אידיש בלוט האָט זיך געגאָסן ווי וואַסער. אידיש האָב און גוט ווערט צעראַבירט פאַר דיינע אויגן. דיין טאַטע עליו השלום האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן, ווייסטו דאָך שוין וואו ער געפינט זיך איצט.

איי בנימין, בנימין, איז דאָס געווען אַ שטיקל צייט. איך וועל דאָס קיינמאָל ניט פאַרגעסן. אַזאַ מין שחיטה אויף אידן איז ניט פאַרגעקומען זינט אידן זיינען געוואָרן אַ פאָלק. בנימין, ביסט אַ גליקליכער מענטש וואָס דיינע אויגן האָבן דאָס ניט געזען. חדשים און חדשים לאַנג האָב איך ניט געקאָנט שלאָפן און אז איך בין שוין יאָ אַמאָל איינגעשלאָפן, האָב איך געהאַט שרעקליכע חלומות און פלעג שרייען פון שלאָף: שיינע שיינדל, קינדער, לאָמיר לויפן;

פאַרשטייסטו בנימין, אויב דו זעסט אַצינד מנחם מענדלען אַן אַנדערן, אַ רואיקערן, אַ מיושב'דיקן, וואָס לויפט ניט מער און פליט ניט מער, זאָל ניט זיין באַ דיר קיין חידוש. ס'איז נאָך פלאי־פלאים וואָס מע לעבט, ווייל ווי ווייט האָט'ס געהאַלטן אַז מנחם מענדל זאָל ליגן אויסגעצויגן ווי אַ שררה מיט אַ פּאָר פּענסנע פון שערבלאַך אויף די אויגן. פונדעסטוועגן בנימין איז פאָרט אמת דאָס ווערטל: אַ מענטש לעבט 70 יאָר און שטאַרבט אַ בהמה. דאַכט זיך אַזויפיל זיך אָנגעליטן, שיעור ניט זיך צעקושט אין די פּיסקעס מיטן מלאך המות און פון שטעטל איז געוואָרן אַ טיל־תל און אַז מ'האָט מיך פאַרגעשלאָגן איך זאָל פאָרן אַהער אין קרים זיך באַזעצן אַף ערד וואָס די

מלוכה שענקט אַוועק, האָב איך דאָך ניט געוואָלט הערן און וויסן פון דעם. איך — מנחם מענדל זאָל ווערן אַ פויער און באַאַרבעטן ערד! וואָס בין איך עפּעס, אַ גוי? אַזוי האָב איך געהאַלטן אין איין טענה'ן און דערווייל זענען די אַנדערע פון שטעטל — איינער נאָך איינעם אַוועק און איך בין געבליבן כמעט דער לעצטער. ווילסטו וויסן וואָס דער סוף איז געווען? זעסט דאָך, כ'האָב זיך אונטערגעגעבן און אַז איך בין געקומען אהערצו און באַטראַכט ווי שיין גאָט'ס וועלטל קוקט אויס ווי די ערד איז באַדעקט מיט אַ גרינער קאָלדרע, כאָטש נעם לייג זיך אַוועק און קאַטשע זיך אויף איר. און איך האָב אַ קוק געטאָן אין וועלדל ווי דיביימער שטייען און ז'אַרטן און בעטן זיך: נעם אונז און בוי זיך אויס אַ הויז, אַ כליוו, אַ שייער און וואָס דו ווילסט און די זון שמייכלט אַרונטער ווי איינער רעדט: נאַרעלע, וואָס האָסטו מוראָ? מירן דיר שוין העלפן מיט ליכט, מיט וואַרימקייט און מיט וואָס ניט. האָב איך דאַמאָלט אַ זאָג געטאָן צו זיך: מנחם מענדל, ושם תקבר — אָט דאָ בלייבסטו און דאַנקן גאָט. איך האָב ניט קיין חרטה. ווי שטייט דאָרטן אין פּסוק: במקלי עברתי את הירדן — געקומען אהער מיטן בייטשל און באַטראַכט נאָר, זיי מוחל, אַ באַלעבאַטישקייט, וואָלסטו זיך דאָס אַמאָל גע'חלום'ט בנימין. אַן אייגענע הויז אַ כליוו, אַ שייער מיט אַזוי פיל כאַדאָבע קינענאָרע און האָסט ניט מוראָ פאַר קיין פּריסטאַוו, פאַר קיין אַקציזניק און די אַנדערע שלעק וואָס פּאָניע גנב פלעגט אָנשיקן אויף אונז און קיין געלט בין איך קיינעם, חלילה ניט שולדיק דערויף. מאָלט דיך אַז שולדיק בין איך יאָ געווען. די מלוכה האָט אונז תחילת געליען געלט זיך איינשאַפן אָט די אַלע זאַכן, אָבער ווי זאָגט דאָרט די גמראָ: מלכותא דארעא כעין מלכותא דרקיע — מיר האָבן אַ גוטן גאָט אין הימל און אַ גוטע מלוכה אויף דער ערד. האָט זי אונז מוחל געווען די חובות אַפילו דאָס וואָס זי האָט געליען פון איר קעשענע. וואָס קוקסטו אויפן אַרשין? איך האָב אים מיטגענומען אהער מיט זיך. מיר האָט זיך אַלץ געפּלאָנטערט אַמאָל אין קאָפּ: מסחר אָבער נישקשה דער אַרשין גייט דאָ ניט פאַרלאָרן. איך מיש מיט אים פּאַלאָווע פאַר דער בהמה.

וואָס שרייסטו דאָרטן שיינע שיינדל? הא, וואָס? די ראָבע בהמה, זאָגסטו, האָט זיך נאָר וואָס געקעלבט? אויב אַזוי גיב מיר אָפּ מזל־טוב בנימין. נו, דאַרף מען דרייען און שווינדלען? אָט זיצן מיר זיך דאָ געלאָסן און דאָרטן קעלבט זיך קינענאָרע. מע דאַרף צוגיין אַ קוק טאָן צי ס'איז אַ זכר צי אַ נקבה. קום בנימין, ווילסט זען אַ קעלבעלע נאָר וואָס פון נאָדל אַרויס, קום,

קום וועסט שפּעטער האָבן וואָס צו באַשרייבן. קאָנסט דאָ אי־בערלאָזן דיין מאַנטל, קיינער וועט ניט צונעמען. דאָ גנב׳עט מען ניט. מע דאַרף ניט גנב׳ענען, סע דאָ גענוג פאַר אַלעמען. אַבי געזונט צום געזונט איז שוין דאָ און נאָך ווי! קום, קום, וועסט שוין אין איינוועגס זען די גאַנצע באַלעבאַטישקייט. וועסטו קע־נען באַשרייבן וואָס ס׳איז געוואָרן פון דעם לעצטן מנחם מענדל. זאָל די וועלט וויסן, אַז פריער גאָט און דערנאָך די באָלשע־וויקעס איז מנחם מענדל קינענאָרע אַף אַ גוטן מצב און איז געזונט און שטאַרק און לאָזט אַלעמען גריסן גאָר פריינטלעך.

יאָ, עיקר שכחתי: זאָל זיך די וועלט ניט חידוש׳ן וואָס איך דבר שוין כמעט ווי אונזער טוביה דער מילכיקער, אַז מע הערט אויף לויפן און פליען און מע איז אַף איין אָרט, ווערט מען גאָר אַן אַנדער מענטש, די קאָפּ ווערט לויטערער און מע הויבט זיך אָן דערמאַנען אין די קליינע פּינטעלעך וואָס מ׳האָט אַמאָל געלערנט ווי שטייט דאָרט געשריבן: „הזורעים בדמעה ברנה יקצורו" — אַז דער סוף איז גוט איז אַלעס גוט. נו קום אַברהם בער, לאָמיר מאַכן אַ לחיים לכבוד דעם ניי-געבוי־רענעם קעלבל. לאָמיר דעם צוּאווינטשעווען אַז סע זאָל זיין געזונט און שטאַרק און אויסוואַקסן אַ גוטע בהמה כדת משה וישראל.



## „עד מיר אַ דאָקטאָר"

### שאַרזש אין איין אַקט

**פּערזאָנען:**

סאָסייעטי דאָקטאָר

א מאַן צווישן 30 און 40, וויל מאַכן

אַ סאַך קאָלס נאָר. . . .

**פּאַציענטקע**

א פרוי אין די דרייסיקער, וועלכע רעדט

פאַר 40, נאָר אַזוי ווי זי איז „קראַנק", רעדט

זי אַ היבש ביסל מער.

ציַיט: — וועלכע איר ווילט — מאָרגן, נעכטן אָדער הײַנט.

פּלאַץ: — אַ הויז וואו מען חלום'ט פון אַ „פּרידזשע-רייטאָר".

(בינע שטעלט פאָר אַ דורכשניטלעכן צימער פון אַן אַרבעטער פאַמיליע מיט אַ סך בילדער אויף די ווענט. בילדער פון אַ טאַטן, מאַמען, זיידע און באָבע. די זאַכן אין צימער זיינען אַראַנזשירט זייער געשמאַקלאָז, מיט א סך ביליקע אָרנאַמענטן פון „וואולוואָרט'ס" 5 און 10 סענט כטאָר. אין הינטערגרונד געפינט זיך אַן אָפענער פענצטער. פון דאָרט ציט זיך א וועש ליין אין הויף אַריין) . . .

**פּאַציענטקע**

(שטייט באַם פענצטער, פּאָרעט זיך באַ דער שטריק און רעדט צו אַ פרוי ערגעץ וואו אין הויף) איז וואָס זשע האָב איך אייך געוואָלט זאָגן, מיסעס בלעכער? (טראַכט) זינט איך פיל ניט גוט, האָט מיין קאָפּ אינגאַנצן אויפגעהערט אַרבעטן (גיט זיך אַ כאַפּ באַ דער זייט) אוי! אוי! נאַדיר גאָר אַזאַ מין אומגליק! אינמיטן דרינען גאָר קראַנק ווערן! דער רבונו של עולם מוז זיין זייער שטאַרק פאַרליבט אין מיר. וואו נאָר אַ חולאַת שיקט ער דאָס מיר צו אַלם מתנה. (גיט אַ צי' די שטריק) זייט אַזוי גוט מיסעס בלעכער און גיט אַ קוק לעבן אייך דאָרט. וואָס איז דער מער מיטן שטריק. עפּעס ציט ער זיך ניט ווי עס באַדאַרף צו זיין. (פּויזע) נא, איז וואָס זשע האָב איך אייך געוואָלט זאָגן? ווייטער פאַרגעסן, טפו, צו מיינע שונאים'ס קעפּ! יאָ, איך האָב דען צייט צו זיין קראַנק? סע ליגט אַ גאַנצער באַרג מיט וועש און איך דאַרף אויפנייען נייע ציכלעך און דזשייקעל'ען פאַריכטן די זאָקן. (נעמט א בינטל זאָקן און ווייזט דורכן פענצטער) אוי, איז דאָס א דזשייקעלע, ער צע-רייסט מער זאָקן ווי איך קאָן אים נאַסטאַרטשען. פאַרריכט איך איין לאָך, מאַכט ער צוויי. (פּויזע) אוי, אז איך ביז

געזונט, אַרט מיך דען? אַ לעבן אויף אים! (פריילעכער) ער איז טאַקע אַ שיינעץ, אַ ברען, ער האָט אָבער אַ טייער קעפּל. האָט ער, מיר זאָל זיין פּאַר אים! זיין ווייאָלין טיטשער האָט מיר אַנומלטן איינגערוימט אַ סוד אין אויער, אַז מיין דזשיי־קעלע וועט ביטן מישע עלמאַנען אין פּיסעס, און די סקול טיטשערן קאָן זיך גאַרניט אָפּלויבן פון אים. ווען אַלע קינדער זאָגט זי, זאָלן האָבן אַזעלכע קעפּלעך ווי דזשייקעלע, וואָלט מען דאָך קיין פּאַבליק סקולס ניט באַדאַרפט. זיי וואָלטן גלייך געקאָנט אַריינגיין אין היי־סקול. איי, איז דאָס אַ דזשייקעלע. מיר זאָל זיין פּאַר זיינע ביינדעלעך! פּאַר זיין קעפּעלע! אוי! (גיט זיך אַ כאַפּ פאַרן זייט) אַז איך גיב אָבער אַ קוק אויף זיינע פּיסעלעך ווי ער צערייסט מיר די זאָקן! (קוקט אַף אַ צעריסענעם זאָק) אוי, ווי איז מיר! וואו איז דער דאָקטאָר. וואו! ער האָט דאָ באַדאַרפט זיין מיט אַ שטונדע צוריק. איך וועל דאָך אויסגיין, וועל איך דאָך, און קיינער וועט אפילו ניט וויסן! (דאָקטאָר קומט אַריין) ווען מען זאָל דערמאָנען משיח'ן, וואָלט ער אויך געקומען. (פויזע) מיט וואָס איך בעט אייך, זענט איר געקומען צופליען אַהער, מיט אַן עראָפּלאַן, צי מיט אַ לופט־שיף?

**דאָקטאָר**

וואָס איז דער מער, סע ברענט?

**פּאַציענטקע**

ס'זאָל ברענען וואָלט איך דאָך אייך ניט גערופן, איך וואָלט גערופן די פייער לייט. וואָלט איך! (פויזע) האָסט געזען אַזוינס? צוויי מאָל האָט מען טעלעפאָנירט צו אייך און עס זאָל אייך אפילו אָנהויבן אַרן.

**דאָקטאָר**

איר מיינט אַוודע, מיסעס לעבן, אַז איר זענט איין זכר אין מאָסקווע. פּאַראַן, דאַנקען גאָט גענוג קראַנקע מענטשן אין שטאָט און מען דאַרף זיי אויך אַטענדן. איר פאַרשטייט, צי ניין?

**פּאַציענטקע**

שאַט, איר דאַרפט ניט זיין אין כעס, וואָס איז דער מער. איך האָב אָנגערירט אייער האָנאָר, האָב איך אייך? (אין אַ צעבראָכענער שטימע) איך זיץ מיט אַ שטעכעניש אין די זייטן און מיט אַ ווייטיק אין קאָפּ און סע זאָל אים אָנהויבן אפילו אַרן!

**דאָקטאָר**

אַף דערויף בין איך דאָך אַ דאָקטאָר! סע זאָל מיר אַרן

פאַר יעדן פּאַציענט וואָס סע טוט אים ווי, וואָלט איך דאָך אַליין קראַנק געוואָרן.

פּאַציענטקע

צ'אָלרייט, ווען איר זאָלט זיין א רעגעלער דאָקטאָר און ניט קיין סאָסייעטי דאָקטאָר, וואָלט אייך שוין געאַרט, אזוי קערט איר ניט.

דאָקטאָר

(בייז) הערט אייך איין, מיסעס לעבן. איך וויל אַז איר זאָלט וויסן, אז איך אַטענד צו אַלעמען גלייך. און אויב סע געפעלט אייך ניט, שיקט נאָך אַ רעגעלן דאָקטאָר. גוד ביי! (וויל אַוועקגיין)

פּאַציענטקע

(מיט אַ קווימש) דאָקטאָר, גייט ניט אַוועק! (וויינענדיק) וואָס האָב איך אייך דען געזאָגט? ווי איז מיר! איך בין קראַנק און ער וויל גאָר אַוועקגיין.

דאָקטאָר

(קערט זיך אום צוריק) אָלרייט. איך וועל אייך ווייזן אַז איך בין אַ פיינער מענטש און איך וועל אייך אונטערזוכן. (שטעלט אַוועק זיין סעטשל, גייט צו צו איר) נו, זאָגט מיר, וואָס איז דער מער מיט אייך?

פּאַציענטקע

איך האָב אַ ווייטיק אין קאָפּ, אַ שטעכעניש אין די זייטן, דערצו נאָך בין איך צוגעקילט. דאָס האַרץ כריפּעט, אין די אויערן פייפט און אַז איך הויב אָן הוסטן באַנאַכט, כאַפּט זיך אויף דאָס גאַנצע הויז-געזינט, און פאַר איין וועג וויל איך אייך שוין טאַקע פרעגן, צי האָב איך רומאַטעס אין די פיס, ווייל יעדעס מאָל ווען עס גייט אַ רעגן, הויבט עס מיר אָן דרייען אין די ליטקעס פון די פיס. גאָרניט אויסצוהאַלטן פון דעם. איך האָב אייך אויך געוואָלט בעטן, אַז איר זאָלט מיר געבן אַ מיטל צו דזשייקעלע'ס פיסלעך.

דאָקטאָר

ער האָט שוין אויך רומאַטיזם?

פּאַציענטקע

חלילה, בייסט זיך בעסער אָפּ די צונג.

דאָקטאָר

וואָס איז דער מער מיט זיינע פיסלעך?

פּאַציענטקע

ער צערייסט אַלע טאָג אַ פּאָר זאָקן. אַ קעפּל האָט ער גראַדע זייער אַ גוטס, אָבער די פיסלעך, דאָקטאָר, איר וועט

מוזן געפינען אַ מיטל קעגן דעם.

**דאָקטאָר**

די מעדיצין ווייס ניט פון קיין מיטל קעגן צערייסן זאַכן.

**פּאַציענטקע**

אַ טייערער דאָקטאָר זענט איר, אַז איר ווייסט ניט אַזעלכע קלייניקייטן.

**דאָקטאָר**

(נעמט דאָס טעטשל, וויל גיין) גוד ביי, איר וועט שוין רופן אַזאַ דאָקטאָר וואָס פאַרשטייט זיך אויף אַזעלכע זאַכן ווי זאָקן.

**פּאַציענטקע**

(שרייט) דאָקטאָר, וואָס לויפט איר שוין ווייטער!?

**דאָקטאָר**

פּליז, מיסעס, איך בין אַ פאַרנומענער מענטש. איך האָב ניט קיין צייט אויסצוהערן אָט די אַלע מעשות.

**פּאַציענטקע**

אָט האָסטו דיר! איר זענט דאָך אונזער סאָסייעטי דאָקטאָר. זענט איר דאָך, און איר דאַרפט נעמען קער אויף אונזער גאַנצער פאַמיליע, דאַרפט איר דאָך! איך האָב דאָך אייך נאָך גאָרניט דערציילט וועגן מיין בענעלע׳ן וואָס סע זעצט אים אַרויס פרישטשעס אויפן לייב און וועגן מיין מאַן דאַרפט איר דאָך אויך וויסן, איר זענט דאָך אונזער סאָסייעטי דאָקטאָר, דאַרפט איר דאָך וויסן פון וואָס מיר ליידן.

**דאָקטאָר**

איך האָב מורא אַז חוץ די אַלע זאַכן ליידט איר אויך פון צופיל רעדן.

**פּאַציענטקע**

אַ וויסטער חלום אַף מיינע שונאים׳ס קעפּ! ווי געפעלט דיר אַ מעשה, איך רעד, נאָר אַז איר קומט אַריין אויף איין פוס איז אייך ווער שולדיק? מיין מאַן צאָלט דיום אַ גאַנץ יאָר אין סאָסייעטי און ווען רוף איך אייך? אפשר איין מאָל אַ מאָנאַט.

**דאָקטאָר**

מאָלט אייך, אַז איר רופט מיר מער ווי איינמאָל אַ מאָ־אַט. אָבער ניט וועגן דעם האַנדלט זיך איצט. איך דערקלער אייך, אַז איך האָב קיין צייט ניט. איך דאַרף נאָך מאַכן אַ סך קאָלס און איך האָב נאָך אַ „קאָנפיינמענט” קיים אויך.

**פּאַציענטקע**

מיין שוועגערן די ליטוואַטשקע דאַרף באַלד אויך האָבן

אַ קינד, אָבער זי זאָגט, אַז זי וועט אייך ניט רופן, ווייל זי זאָגט, אַז איר טויגט ניט פאַר אַזעלכע זאַכן.

דאָקטאָר

(נעמט דאָס סעטשל) אויב איך טויג ניט פאַר קיין „קאָנפיינמענט קייסעס", טויג איך פאַר גאָרניט. גוד באַי!

פּאַציענטקע

(כאַפּט דאָס סעטשל) ווי איז מיר, דאָקטאָר, וואָס האָט איר צו מיר? וואָס בין איך שולדיק, וואָס מיין שוועגערן די ליטוואַטשקע זאָגט. איר זעט דאָך, אַז איך בין נעבעך קראַנק. וואָס לויפט איר אַוועק?

דאָקטאָר

טאָ זאָגט זשע מיר צו אַז איר וועט שווייגן.

פּאַציענטקע

וואָס הייסט איך זאָל שווייגן? איך דאַרף דאָך אייך דער-ציילן פון וואָס איך לייד.

(זי רוקט צו דעם סעטשל צו זיך)

דאָקטאָר

וואָס האָט איר צוגערוקט מיין סעטשל צו זיך?

פּאַציענטקע

(שמייכלענדיק) וועט איר ניט אַנטלויפן.

דאָקטאָר

אָט דאָס איז די צרה. אַז מען איז אַ סאָסייעטי דאָקטאָר, ווערן די פּאַציענטן צו היימיש. זייט אַזוי גוט מאַדאַם, און גיט אַהער דעם סעטשל, איר קאָנט מיר נאָך אָנמאַכן שאַדן.

פּאַציענטקע

וואָס איז דער מער, איך בין אַ קליין קינד?

דאָקטאָר

(וויל נעמען דאָס סעטשל, זי לאָזט ניט, ער בייזערט זיך) אום גאָטעס ווילן, דאָרט זיינען דאָ גלאָז-זאַכן, גלאָז ברעכט זיך.

פּאַציענטקע

צ׳אָלרייט, איך האָב קאָט גלעס פון נאָך דער חתונה אָן, און סע ווערט בײַ מיר ניט צעבראָכן. און פאַרגעסט ניט, אַז איך האָב אַ דזשייקעלע מיט אַ בענעלען זאָלן לעבן! זיי קאָנען צעברעכן אַן אייזערנע פּאָדקאָווע, אָבער ניט בײַ מיר, איך גיב. . .

דאָקטאָר

פיין, פיין! עס פרייט מיר זייער וואָס איר זייט אַזאַ גוטע באַלעבאָסטע. אָבער דאָס סעטשל מיינעם לאָזט אָפּ.

פּאַציענטקע

גוט, נאַט אייך דאָס סעטשל, סאַ געפּערלעכע זאַך! עמיציער זאָל הערן, וואָלט מען געדיינקט, אַז מען טאָר מיר גאָרניט גע־טרויען אין האַנט אריין (פּויזע) קיינער וועט ניט זאָגן אַף מיר, אַז איך האָב עפּעס צוגענומען באַ עמיצן. איך האָב אַמאָל, ניט היינט געדאַכט, געאַרבעט אין א שאַפּ. . . .

דאָקטאָר

(בעטנדיק) צו וואָס דאַרף איך דאָס אַלעס וויסן? איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך בין שטאַרק פאַרנומען. עס איז שוין אַזוי שפּעט און איך האָב נאָך גאָרניט געהאַט אין מויל, לאָזט זיך עקזאַמינירן, וועל איך קאָנען אַוועקגיין.

פּאַציענטקע

הערט אַ מעשה, וואָס זשע שווייגט איר? וואָרום האָט איר מיר גלייך ניט געזאָגט, אַז איר זענט הונגעריק?

דאָקטאָר

צו וואָס דאַרף איך אייך דאָס זאָגן?

פּאַציענטקע

וואָס הייסט צו וואָס? איך וועל אייך געבן עפּעס עסן.

דאָקטאָר

אַ שיינעם דאַנק אייך. איך בין ניט געקומען אַהער עסן.

פּאַציענטקע

צ׳אָלרייט דאָקטאָר. עס מעג אייך אָנשטיין עסן באַ מיר. איך האָב היינט אָפּגעקאָכט אַ באָרשטש, מעג עס אַפילו ־ער קייסער עסן.

דאָקטאָר

אָלרייט. איר וועט עס געבן דעם קייסער, ניט מיר.

פּאַציענטקע

פאָלגט מיר, דאָקטאָר, זייט ניט איינגעשפּאַרט. איך פאַר־זיכער אייך, אַז אַזאַ באָרשטש האָט איר נאָך אין אייער לעבן ניט געגעסן. איך האָב אַריינגעטאָן גאַנצע פיר אייער און. . . .

דאָקטאָר

(נעמט דאָס סעטשל) עס טוט מיר לייד, איך מוז גיין. איר צעפּאַטערט מיר די גאַנצע צייט מיט גאָרניט.

פּאַציענטקע

(כאַפּט דאָס סעטשל) אָלרייט, אָלרייט, קומט אַהער און עקזעמענט (פּויזע) האָסט געזען א מעשה! היינט זענט איר עפּעס מער אין דער „האָרי" ווי אַלעמאָל. איר לאָזט דאָך אַ וואָרט ניט אויסרעדן. איך בין אַ גאַנצן טאָג אַליין אין הויז.

די צונג קאָן דאָך פאַרזשאַווערט ווערן אַז איך וועל קיינמאָל ניט רעדן.

דאָקטאָר

אפשר זענט איר גערעכט. קאָן זיין, אַז איך בין אַ ביסל נערוועז. (טראַכט אַ ווײַלע) אַלזאָ, ווייזט מיר אייער צונג.

פּאַציענטקע

אָט האָסטו דיר די צווייטע טעג שבועות! צו וואָס דאַרפט איר די צונג? איך זאָג דאָך אייך, אַז עס דרייט מיר אין בויך?

דאָקטאָר

זייט אַזוי פיל גוט און טוט ווי מע הייסט אייך.

פּאַציענטקע

אָלרייט, אָלרייט, נאַט! (זי שטעקט אַרויס די צונג, דאָק-טאָר קוקט און שאָקלט מיטן קאָפּ) וואָס מיינט עס דאָקטאָר, גוט צי שלעכט?

דאָקטאָר

וואָס כאַפּט איר אַריין די צונג, קיינער וועט עס ניט אָפּ-בייסן, ווייזט נאָר נאָכאַמאָל.

פּאַציענטקע

גיט נאָר אַ קוק ווי ער האָט זיך פאַרליבט אין מיין צונג. נאַט! (שטעקט די צונג)

דאָקטאָר

(באַטראַכט) הערט אייך איין מיסעם, וואָס האָט איר נעכטן געגעסן?

פּאַציענטקע

וואָס פרעגט איר מיר?

דאָקטאָר

וועמען דען זאָל איך פרעגן, דעם רב?

פּאַציענטקע

איר פרעגט בעסער מיין שוועגערן, דער ליטוואַטשקע (שאָקלט מיטן קאָפּ) איך זאָג אייך, דאָקטאָר, אַז אין איין שיינעם טאָג וועל איך זיך מיט איר צעקריגן אַף טויט. (פּויזע) איך בעט זיך באַ איר, סערעלע, האַרצעניו, איך האָב מורא צו עסן, האָב איך. איז זי אָבער איינגעשפּאַרט. . . .

דאָקטאָר

אָבער וואָס פאָרט האָט איר געגעסן?

פּאַציענטקע

איר הערט דאָך וואָס עס האָט געטראָפן. מיין שוועגערן, די ליטוואַטשקע האָט באַשלאָסן צו פּראַווען אַ בר-מצוה פאַרן גייט זי אַוועק און קויפט איין אַ גאַנצן אָקס, מיט די לונגען,

מיטן מילך און מיט די קישקע. טענה איך צו איר — סערע צו וואָס דאַרפט איר אַזויפיל פלייש. איר וועט דען איינלאַדן אַ פאָלק סאָלדאַטן? ענטפערט זי, ניש-קשה. וויפל קינדער האָב איך, האָ? און וויפל בר-מצוות מאַכט מען עס אַ קינד? זאָג איך צו איר. . .

**דאָקטאָר**

(נעמט איר אָן פאַר די הענט און זעצט איר אַוועק אַף אַ בענקל) גוט, גוט איך ווייס שוין.

**פּאַציענטקע**

לאָזט מיר פאַרענדיקן די מעשה, און אַזוי ווי מיין שוועגערן איז אַ גוטע קעכן און קאָכט. . .

**דאָקטאָר**

ס'איז קלאָר. איר האָט זיך איבערגעגעסן.

**פּאַציענטקע**

אַ גאַנצע נאַכט זיך געקאָרטשעט אפן בויך, געמיינט אַז. . .

**דאָקטאָר**

האָט איר איינגענומען אַ דאָזע קאַסטאָר אויל?

**פּאַציענטקע**

איך נעם נאָר דאָס וואָס מע אַדווערטייזט אַף דער ראַדיאָ-שטונדע. וועגן קאַסטאָר אויל רעדט מען דאָרט קיינמאָל ניט.

**דאָקטאָר**

איר נעמט אַלץ אָן פאַר גוט געלט, הייסט עס?

**פּאַציענטקע**

אַוואַדע, ווי דען? אויף דער ראַדיאָ גיט מען אונז קונץ. מע לערנט אונז ווי צו זיין מענטשן. מען שטעלט אויס אויף דער ראַדיאָ די בעסטע לייטע. אָט האָט מען אנומלטן געהאַט אַ לעקטשור וועגן דעם ווי זיך צו האַלטן אין שייפּ און מע האָט אונז אַדווייזט צו טראָגן שטענדיק אַ קאָרסעט, וועט מען זיין יונג און שיין.

**דאָקטאָר**

נו, פאָלגט איר אוים?

**פּאַציענטקע**

שור, אַוואַדע, סוירטענלי. איך האָב געלייענט אין פּייפּער אַן אַרטיקל וועגן קאָרסעטס. זייער אַ גוטער אַרטיקל. דער רעדאַק-טאָר אַליין האָט עס געשריבן.

**דאָקטאָר**

פון וואַנען ווייסט איר אַז דער רעדאַקטאָר אליין האָט עס געשריבן?

**פּאַציענטקע**

פון וואַנען איך ווייס? נאָכן אַרטיקל איז דאָ אַ שטערנדל (פּויזע) דער רעדאַקטאָר אַליין איז דאָך דער סטאָר, שטעלט ער זיך אַ שטערנדל.

**דאָקטאָר**

אַ שטערנדל מיינט אַז עס איז אַן אַדווערטיימענט.

**פּאַציענטקע**

גאָ אָן דאָקטאָר, איר מיינט איר ווייסט אַלעס? (פּויזע) נו, בין איך טאַקע אַוועק און געקויפט דעם קאָרסעט. איר הערט דאָקטאָר, אַ פינף דאָלערדיקן קאָרסעט פאַר אַ דאָלער מיט אַ קוואָדער.

**דאָקטאָר**

(סאַרקאַסטיש) טאַקע אַ ווילדע מציאָה!

**פּאַציענטקע**

אַלץ קויף איך אַזוי (פּויזע) אָט האָב איך געקויפט אַ פּאָר שיך. שוין איינמאָל אַ פּאָר שיך. אויך אַ באַרגן פון איינעם אַ דאָקטאָר וואָס אַדווערטייזט זיך אין די פּייפּערס און אויף דער ראַדיאָ. איך האָב פאַרגעסן זיין נאָמען. . .

**דאָקטאָר**

זייט אַזוי גוט און ווייזט מיר אייערע שיך.

**פּאַציענטקע**

אין הויז גיי איך אַרום אין די סליפּערס, עס איז לייכט.

**דאָקטאָר**

(שאָקלט מיטן קאָפּ) איינגעשנורעוועט זיך אין קאָרסעט און טראָגט שטעק שיך.

**פּאַציענטקע**

איך פּיל זיך פרייער אין זיי.

**דאָקטאָר**

זייט אַזוי גוט און ווייזט מיר די שיך.

**פּאַציענטקע**

זיי זיינען אין בעד רום. וואָס דאַרפט איר זיי? איר מעגט זיין זיכער, אַז זיי זיינען גוטע שיך. פאַרלאָזט זיך אָף מיר, איך ווייס ווי צו קויפן. איך בין ניט קיין גרינהאָרן. איך קאָן רעדן ענגליש. אַז איך גיי אריין אין סטאָר, זאָג איך זיי, — איי וואָנע העוו דע בעסט פּאָר טשיפּ. אָט מיט די ווערטער זאָג איך זיי. ווייסן זיי שוין מיט וועמען זיי האָבן צו טאָן.

**דאָקטאָר**

אַוואַדע ווייסן זיי. איצט זייט אַזויפיל גוט און גייט אַריין

אין יענעם צימער און ברענגט אַרויס אייערע שיך און אין איין וועגס טוט אוים דעם קאָרסעט.

**פּאַציענטקע**

וואָס הייסט איך זאָל אויסטאָן דעם קאָרסעט? משוגע בין איך? מען האָט דאָך אָנגעזאָגט בפירוש אויף דער ראַדיאָ אַז. . . . .

**דאָקטאָר**

(שטרענג) טוט וואָס מען הייסט אייך.

**פּאַציענטקע**

עפּעס זענט איר מיר היינט זייער שטרענג (אָפּ)

**דאָקטאָר**

(גייט אַרום איבערן צימער, באַמערקט אַ קליינע ראַדיאָ. גיט אַ דריי אַ קנעפּל. ער שפּאַצירט ווייטער. עס הערט זיך פון דער ראַדיאָ דאָס פאָלגנדע: „און מיר גאַראַנטירן אייך אַ ניי מעטאָד, ווי ווינציק האָר איר האָט, אויב איר וועט נאָר איינרייבן מיט אונזער זאַלב, וועט באַלד נעמען וואַקסן האָר אפן קאָפּ, פונקט ווי זומער די זאַנגען אויפן פעלד. געדיינקט זשע אונזער זאַלב מאַכט וואַקסן האָר אויף יעדן קאָפּ. דער נאָמען פון דעם זאַלב איז. . . . . . „(דאָקטאָר פאַרמאַכט די ראַדיאָ)

**פּאַציענטקע**

(לויפט אריין מיטן קאָרסעט און די שיך אין די הענט) דאָקטאָר, פאַרוואָס האָט איר פאַרמאַכט די ראַדיאָ? איך האָב געוואָלט הערן דעם נאָמען פון דעם זאַלב. בא מיין מאַן רייבט זיך אַ פּליך אפן קאָפּ.

**דאָקטאָר**

(נעמט בא איר די שיך און באַטראַכט אירע פיס) איר דאַרפט בייטן די שיך.

**פּאַציענטקע**

וואָס איז דער מער, זיי טויגן ניט?

**דאָקטאָר**

טויגן, טויגן זיי אפשר יאָ, אָבער ניט פאַר אייך. איר דאַרפט האָבן מיט צוויי סייזעס גרעסער.

**פּאַציענטקע**

אָט באַלד לויף איך. פיר און א האַלב סייז איז פּלענטי. גענוג אַז מען וויל זיין אין שייפּ.

**דאָקטאָר**

אָבער איר דאַרפט זעקס און א האַלב, אויב ניט זיבן. דאַן וועלן אייך די פיס ניט ווי טאָן. און ווייזט מיר נאָר

אַקאָרשט דעם קאָרסעט. (ער באַטראַכט דעם קאָרסעט) מיר איז א וואונדער וואָס איר האָט געקאָנט אויסהאַלטן ביז איצט. דיביינדלעך וואָס קריכן אַרוים קענען צעמ׳זיק׳ן אפילו אַן אָקס ניט נאָר אַ מענטשן. (פּויזע) מציאות ווילט זיך אייך קייפן. נו, און ווי פילט איר זיך איצט ווען איר האָט אויסגעטאָן דעם קאָרסעט?

**פּאַציענטקע**

איצט פיל איך אָלרייט.

**דאָקטאָר**

גיט זיך אַ בויג.

**פּאַציענטקע**

צו וואָס זאָל איך זיך בויגן?

**דאָקטאָר**

גיט זיך א בויג און זאָגט מיר צי עס טוט אייך וויי.

**פּאַציענטקע**

(בויגט זיך) ניין, סע טוט ניט וויי.

**דאָקטאָר**

אויב אַזוי וועט איר אַזויפיל גוט זיין. . .

**פּאַציענטקע**

איך וויים וואָס איר ווילט מיר זאָגן. אָלרייט, איך וועל וואַרטן ביז וואַנען עס וועט זיין אין פּייפּער אַדווערטייזט נאָך אַ סייל, וועל איך קויפן (פּויזע) צ׳אָלרייט, דאָקטאָר, מיר דאַרף מען ניט אַריינלייגן קיין פינגער אין מויל. איך פאַרשטיי אַ געשעפט. ליוו איט טו מיר. אוי! (זי כאַפּט זיך פאַרן בויך) עס האָט מיר שוין ווידער אָנגעהויבן דרייען אין מאָגן!

**דאָקטאָר**

נעמט אַ דאָזע קאַסטאָר אויל.

**פּאַציענטקע**

נעווער מיינד קאַסטאָר אויל. היינט זיינען פאַראַן בעסערע מיטלען. איך הער ווי מען אַדווערטייזט אויף דער ראַדיאָ פאַרשיידענע מיטלען. וואַרט אַ מינוט. איך וועל טאַקע באַלד אָנשטעלן די ראַדיאָ. ווי שפּעט איז עס? אַט באַלד דאַרף טאַקע זיין אַ זינגער מיט אַ רפואה פאַרן מאָגן. יעדן טאָג אין דער צייט אַדווערטייזט מען עס. (זי לאָזט זיך צו דער ראַדיאָ, נאָר דער דאָקטאָר פאַרהאַלט איר)

**דאָקטאָר**

וואַרט אַ מינוט. זעצט זיך אַוועק אָט דאָ אָ, אויפן בענקל. פאַרמאַכט די אויגן און שטעקט אַרוים די צונג.

**פּאַציענטקע**

(מיט שרעק) וואָס ווילט איר טאָן?

**דאָקטאָר**

שרעקט אייך ניט. עס וועט אייך קיין בייז ניט געשען.

**פּאַציענטקע**

אן אומגליק. מען לאָזט אפילו ניט אויסריידן קיין וואָרט. (זי עפנט דאָס מויל און פאַרמאַכט די אויגן. דער דאָקטאָר נעמט אַ שטיקל פּאַפּיר. שרייבט עפּעס אָן און לייגט עס אַוועק אויפן טיש, נעמט זיין טאַש און שפּאַצירט אַרויס אויף די שפּיץ פינגער. זי עפנט באַלד די אויגן און דערזעט דעם פּאַפּיר לעבן איר. זי לייענט) „מיסעס, נעמט אַ דאָזע קאַסטאָר אויל פאַרן מאָגן. אַ פּאָר גרעסערע שיך פאַר די פיס און קויפט אַ גוטן קאָרסעט, ניט קיין באַרגיין. הערט זיך וויניציקער צו צו די פרעמדע עצה-געבער און גיט אַכטונג, אַז איר זאָלט ניט רעדן אַזוי פיל, וועט איר זיין געזונט און שטאַרק. „גוד ביי". (זי זיצט אַ ווײַלע, ווערט טרויעריק, שאָקלט מיטן קאָפּ און רעדט האַלב-וויינענדיק) אַז אָך און ווי איז מיר. איך רעד אַ סך? אַזאַ סקאַנדאַל, נעמען און אויסטראַכטן אויף מיר אַ בלבול אַז איך רעד אַ סך. (פּויזע) אָט באַלד פאָלג איך אים און וועל ניט קויפן קיין באַרגנס. אַזויפיל פרויען קויפן באַרגנס, און איך וועל ניט קויפן. (וויינענדיק) אַז איך האָב אַ קאָפּ ווייטיק, אַ שטעכעניש און אַ ברעכעניש און וויל אים דערציילן מיינע צרות, נעמט ער און אַנטלויפט גאָר. (בייז) זאָל נאָר מיין מאַן קומען פון דער אַרבעט.. ער וועט שוין באַ מיר אַריינכאַפּן פאַר האָבן אַזאַ דאָקטאָר אין זיין סאָסייעטי! (גייט צו צו דער ראַדיאָ און אַליין נעמט זי זיך צו דער וועש. עס הערט זיך פון דער ראַדיאָ: „אַז איר וועט נעמען אָט די פּילן וועט איר פאַרלירן אייער קאָפּ ווייטיק. עס וועט אייך ניט ברעכן אין פּלייצע. איר וועט באַפרייט ווערן פון אייער רומאַטיזם. די ציין וועלן אייך ניט ווי טאָן. עס וועט אייך ניט קוועטשן די שיך. עס וועט אייך קיינמאָל ניט רינען פון נאָז. איר וועט שלאָפן געשמאַק און קריגן אַ גוטן אַפּעטיט צום עסן. די גאַנצע באָקסל פּילן קאָסט ניט מער ווי צוויי דאָלער. . . און אַזוי ווי איצטער איז אַ סייל, קאָנט איר זיי קריגן פאַר אַ דאָלער מיט פינף און דרייסיק". זי לייגט אַוועק די זאַכן און זוכט דעם טייסטער מיט געלט) איך גיי טאַקע באַלד קויפן די פּילן. וואָס דען, מיין סאָסייעטי דאָקטאָר ווייסט, עך מיר אַ דאָקטאָר!



פייל און בויגן

# דער בעל-צדקה-ניק

## (סאטירע אין דריי בילדער)

**פערזאָנען:**

מיסטער שאַטנעז — אַן אַלטער בחור, אַ פאַבריקאַנט.

בערטאַ — אַ מיידל אין די פערציקער, שאַטנעז'ס שוועסטער.

מעקסי — אַ בחור אין די צוואַנציקער, אַ פלימעניק צו די שאַטנעז'ס.

עליזאַבעט מערקפווירסאָן — אַ מיידל אין די צוואַנציקער, אַרבעט באַ שאַטנעז'ן.

וועווריק — פובליסיטי אַגענט פאַר מיסטער שאַטנעז.

אַלבערט — דינער באַ מיסטער שאַטנעז'ן אין הויז.

אַברייען — פאָרמאַן אין שאַטנעז'ס פאַבריק.

מילער — אַן אַרבעטער באַ שאַטנעז'ן אין פאַבריק.

אַרבעטער, דעלעגאַטן, מוזיקאַנטן, רעפּאָרטערס, פאָטאָגראַפער.

— — — — — — — — — —

ערשטע בילד — באַ שאַטנעז'ן אין הויז.

צווייטע בילד — באַ שאַטנעז'ן אין אָפיס פון פאַבריק.

דריטע בילד — באַ שאַטנעז'ן אין הויז.

**ערשטע בילד:**

באַ שאַטנעז'ן אין הויז, וואו עס זיינען
פאַרזאַמלט מיסטער שאַטנעז, זיין
שוועסטער בערטאַ און מעקסי.

**שאַטנעז**

(בייז צו מעקס'ן) דו נעמסט אַדווענטעדזש וואָס איך האָב געגעבן מיין פאַרשטאָרבענעם ברודער — דיין טאַטן תקיעת-כף אַז איך וועל דיר דערציען ווי אַן אייגן קינד און דו טוסט וואַטעווער יו דעם פליז, איי וואָודנט סטענד פאַר איט! דאָנט יו סי, איי וואָודנט סטענד פאַר איט!

**מעקסי**

מיין ליבער אָנקל, איך האָב דאָך אייך געזאָגט אַז איך יויל לעבן מיין אייגן לעבן און אויב אייך געפעלט ניט וועל איך אַוועקגיין. איך קאָן פאַרדינען אַף מיין ברויט. איך מוז ניט גיין אין קאָלעדזש, איך קאָן אַרבעטן ווי מיליאָנען אַנדערע

**בערטאַ**

מיין ליבער ברודער, לאָז אים צורו! אין הויז מוזטו אויך זיין אַ דעספּאָט, ווינציק דער שאָפּ פאַר דיר?

**שאַטנעז**

מיין ליבע שוועסטער, דו מיש זיך ניט, דאָנט יו סי, מים

דיין איבערגעבענקייט דער׳הרג׳עסטו אים, ער וואקסט אוים א ווילדער, איי וואודנט סטענד פאר איט!

בערטא

איך זע ניט קיין ווילדקייט, אבסאָלוט ניט.

שאַטנעז

דאָס וואָס ער באַטייליגט זיך אין די קאָלעדזש סטרייקס, איז בא דיר גאָרניט? (בייז) פאר מיר פאסט עס ניט, איך בין א רעספעקטעבל סיטיזן, דאָנטשו־סי?

מעקסי

איך פאַרלאַנג ניט פון אייך אַז איר זאָלט דאָס טאָן.

בערטאַ

אויב מע באַגייט קעגן זיי עולות אין קאָלעדזש, מעגן זיי סטרייקן, מע דאַרף זיך ניט לאָזן שפייען אין דער קאַשע.

שאַטנעז

אַזוי פאַרשטייסטו? בא דיר איז אַלץ רעכט, דער נאָמען שאַטנעז טאָר ניט אַריינגעשלעפּט ווערן אין אַזעלכע זאַכן, דאַנטשו סי?

מעקסי

(שטעלט זיך אויף) איך בין שוין מיד, דאָס צו הערן (ער לאָזט זיך צום טיר)

שאַטנעז

(פאַרהאַלט אים) ווייד א מינוט! סע דאַ נאָך עפּעס ער־גערס.

מעקסי

וואָס?

שאַטנעז

ווי קומסטו זיך פאַרליבן אין דער שיקסע עליזאַבעט מעק־פּוירסאָן — מיין סעקרעטאַרשע פון אָפיס? איי וואודן סטענד פאָר איט! דו וועסט בא מיר ניט הייראַטן קיין אָפיס מיידל, קיין שיקסע. מיט מיין געלט וואָס איך פאַרמאָג וועסטו קאָנען קריגן א מיידל א האַי־קלעס, דאָנטשו סי?

מעקסי

אַדאַנק פאַר דער טובה. איך בעט אייך ניט אַז איר זאָלט זיין מיין שדכן. (ער לויפט אַרוים)

בערטאַ

(שרייט אים נאָך) מעקסי, דו האָסט נאָך גאָרניט געגעסן (צו שאַטנעז׳ן) דו פאַראומערסט אים דאָס לעבן.

שאַטנעז

איי וואודן סטענד פאר איט! האָסט אים צופיל צעלאָזט,

דו ווייסט ניט ווי אזוי ארומצוגיין ארום אים.

**בערטא**

נו, ווער האט דיר געהייסן אים איבערלאזן צו מיר? אויב דיר געפעלט ניט די דערציאונג וואס איך גיב אים, מיר קערן זיך אן מיט אים ביידע גלייך — דו ביסט זיין אנקל און איך בין זיין טאנטע.

**שאטנעז**

דאנטשו יו סי, איך בין א ביזי מענטש.

**בערטא**

ביזי, ביזי, ביזי, פריער מיט געלט מאכן, און איצט מיט כבוד זוכן.

**שאטנעז**

סע געפעלט דיר ניט?

**בערטא**

ווי קאן עס מיר געפעלן? ווילסטו ווערן א גרויסער פלאקן־שיסער בא אידן און אין שאפ ווילסטו קיין אידן ניט אריינגע־מען. (זי לויפט ארויס פון צימער, ער קוקט איר נאך בייז, וועוו ריק קומט אריין, שאטנעז קוקט אויף אים, זאגט גאר ניט.)

**וועוווריק**

העלא, מיסטער שאטנעז, איר דערקאנט ניט אייער פּוב ליסיטי אגענט? אייער אדוויזער? אייער מיסטער וועווריק?

**שאטנעז**

(פאר זיך) דאנט יו סי, איי וואודנט סטענד פאר דים!

**וועוווריק**

איטס וואנדערפול„ מיסטער שאטנעז, וועגן וואס האנדלט זיך דא?

**שאטנעז**

נעווער מיינד! (פויזע) האסט געקויפט וואס איך האב דיר געהייסן?

**וועוווריק**

יעס סיר, אט איז עס (ער צעוויקלט א פּעקל) איטס איי פּיטש, איטס איי דענדיי! איטס ביוטיפול!

**שאטנעז**

ווהאט טו העל איז דים! איך האב דיר געהייסן קויפן א סילקענע שאל מיט עפּעס אידישקייט אנגעמאלן דערויף. איך וויל דאך דאס אויפהיינגען אויף דער וואנט (פויזע) טעל מי, איז דא פאראן אידישקייט?

**וועוווריק**

יעס, שור, סוירטנלי, פאזיטיוו!

שאַטנעז

ווי הייסט עס? (גיט אַ דריק אַ קנעפּל)

וועוורִיק

סע הייסט „יציאת מצרים"

שאַטנעז

וואָס דאַרף עס פאַרשטעלן מיט זיך? (אַלבערט קומט אַריין) (צו אַלבערט'ן) דו האַלט צוויי עקן פון דער שאַל און איך וועל האַלטן צוויי עקן און וועוורִיק וועט דערקלערן וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר.

וועוורִיק

לוקהיר מיסטער שאַטנעז, דאָס איז אַ דזשעניוּאַיין אידישע זאַך, אַט די צוועלף באַקסעס אַף די באָרדערס שטעלן מיט זיך פאָר די 12 אידישע מאַנאַטן, אינדערמיט איז יציאת מצרים ווי אַזוי די אידן אַנטלויפן פון מצרים, דער ים שפּאַלט זיך , די מצריים יאָגן זיי נאָך.

שאַטנעז

פאָר קריים סיק, מען זעט דאָך גאָרניט! (פּויזע) וואו זיינען די אידן?

וועוורִיק

איר קאָנט זיי ניט זען. זיי זיינען שוין העט ווייט אַריבער אויף יענער זייט.

שאַטנעז

און וואו זיינען די וואַטשעמעקאַלעט, די מצריים?

וועוורִיק

זיי זיינען נאָך ניט אָנגעקומען.

שאַטנעז

און וואו איז דער ים? פאָר קריים סייק!

וועוורִיק

דידנט איי טעל יו, אַז ער איז צושפּאַלטן אויף צווייען!

אַלבערט

דאָס איז שוין אַן אַלטער וויץ!

וועוורִיק

דו, אַלבערט, מיש זיך ניט אין אַזעלכע זאַכן, וואָס ווייסטו וועגן יציאת מצרים? (צו שאַטנעז'ן) איר זעט, מיסטער שאַטנעז, אַט דאָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם באַרג סני און מאָזעס האָט זיי געגעבן אַ פּרעזענט די תורה.

שאַטנעז

וואו איז די תורה?

וועווריק

דאַנט וואָרי, אַזוי גיך קריגט מען ניט די תורה! זיי האָבן זיך פּלענטי אָנגעמוטשעט ביז זיי האָבן געקראָגן די תורה.

אַלבערט

און איצט מוטשן זיי זיך נאָך מער ווען זיי האָבן זי שוין.

שאַטנעז

דו, אַלבערט, געדיינק אַז דו ביסט דאָ ניט מער ווי אַ באַ־דינער. דו טו בלויז וואָס מען הייסט דיר, דאָנט יו סי, איי וואודנט סטענד פאָר איט! (פּויזע) נעם די שאַל און הענג זי אויף דאָ אָף דער וואַנט. (אַלבערט גיט אַ בייזן קוק, זאָגט גאָר־ניט, נעמט אויפהענגען די שאַל)

וועווריק

איצט וואָלט גוט געווען כאַפּן אַ שנעפּסל, דאָס באַנעצן

שאַטנעז

האָסט געאָרדערט פּיקטשעס פון בארימטע אידן?

וועווריק

יעס, שור, סוירטענלי! פּאָזיטיוו, אין אַ פּאָר מינוט וועלן זיי דאָ זיין.

שאַטנעז

אויב אַזוי, קום אריין צו מיר אין מיין פּריוועט אָפּיס, וועסטו קריגן אַ שנעפּסל. (אַלבערט קלאַפּט אָן די שאַל, שאַט־נעז, וועווריק אָפּ)

בערטאַ

(קומט אריין, דערזעט די שאַל) מיסטער אַלבערט, וואָס טוט איר?

אַלבערט

אייער ברודער ,מיין באָס, האָט מיר געהייסן צוקלאַפּן.

בערטאַ

מיין ברודער איז משוגע געוואָרן! גייט אַרונטער, מיסטער אַלבערט, איר קאָנט נאָך אַרונטערפאַלן.

אַלבערט

איר זייט אַזאַ גוטע מיט אַ מענטשלעך הארץ און אייער ברודער. . . . (שאַטנעז קומט אריין)

בערטאַ

אָט גייט ער אָפּן אמת (צו שאַטנעז׳ן) צו וואָס דאַרפסטו אָט די שמאַטע אָף דער וואַנט?

שאַטנעז

נעווערמיינד אַ שמאַטע ,דאָס איז אַ הייליקע זאַך, דאָנטשו סי! ? (פּויזע) דו ביסט אַ געבילדעטע דאַמע, לייענסט בוקס

און צום סוף ווייסטו גאָרניט.

אַלבערט

(שטיל, צו מיס שאַטנעז) וועוורִיק דער פייקער האָט אים איינגערעדט, אַז דאָס שטעלט מיט זיך פאָר יציאת מצרים.

שאַטנעז

(צו אַלבערטן) העי, יו, נעוועֶר מיינד זיך שושקען.

בערטאַ

וואָס איז דער מער, ער טאָר צו מיר ניט ריידן? ער איז פונקט אַזאַ מענטש ווי דו און איך (צו אַלבערט'ן) קומט מיס־טער אַלבערט וועט איר מיר דערציילן די רעשט דאָרטן. (ביידע אָפּ, שאַטנעז קוקט זיי נאָך בייז, עס הערט זיך אַ קלונג, וועוו־ריק לויפט אַריין)

וועוורִיק

אַלבעטשע דאָס זיינען די פּיקטשעס! (ער עפנט די טיר צום גאַס, אין עטלעכע סעקונדן איז ער דאָ צוריק מיט אַ פּעקל) אָט זיינען זיי. (ער צעפּאַקט דאָס פּעקל, נעמט אַרויס אַ בילד) באַטראַכט אים נאָר, מיסטער שאַטנעז, איזנט הי אַיי פּיטש?

שאַטנעז

(קוקט אויף דעם בילד) אַ באַקאַנטער פּנים, ווער איז ער?

וועוורִיק

דאָס איז (לייענט איבער) דאָס איז דאָקטאָר הערצל.

שאַטנעז

איז ער אַ ביג שאָט?

וועוורִיק

איי שוד האָפּ טו טעל יו! אַ גאַנצער מאַכער אין פּאַלעס־טינע, דאַכט זיך דאָרט דער פּרעזידדענט.

שאַטנעז

סע דאָ אַ פּרעזידענט אין פּאַלעסטינע?

וועוורִיק

וואָס זשע, איר ווייסט גאָרניט?

שאַטנעז

דאָנט יו סי, אַזויפיל יאָרן ניט געלייענט קיין אידישן פּייפּער.

וועוורִיק

איך לייען אויך ניט, פונדעסטוועגן ווייס איך.

שאַטנעז

נעוועֶר מיינד, דיס איז יור ביזנעס, דו דאַרפסט אַלעס וויסן (גיט אַ שטופּ אַ קנעפּל, אַלבערט קומט אַריין) נעם די פּיקטשור

און הענג אויף פון אויבן איבער דער שאַל, וואָטש יורסעלף סע זאָל זיין גלייך.

אַלבערט

(גיט אַ קרומען קוק) יעס סיר! (נעמט אויפהיינגען די בילד)

שאַטנעז

(נעמט דאָס צווייטע בילד) וואָס פאַר אַ מאַכער איז ער?

וועוועריק

משה מאָנטעפיאָרע, דער טשיף פון אַלע סעמעטערים.

אַלבערט

(וואַרפט אַ זייטיקע באַמערקונג) מאָנטעפיאָרע איז טויט,

וועוועריק

אָבער זיינע ביזנעס גייען אָן ווי אַלעמאָל.

שאַטנעז

(נעמט די דריטע בילד) ווער איז דער מיט דער לאַנגער באָרד?

וועוועריק

דאָס איז יצחק אלחנן.

שאַטנעז

קוקט אוים ווי עפּעס אַ ראַבאַי.

וועוועריק

אַ ראַבאַי, דאָס אַלעס? ער האָט צו זאָגן איבער אַלע ישיבות.

אַלבערט

ער איז טויט.

וועוועריק

(בייז) אַלבעטשע אַז מען זאָל דיר פרעגן צי דאָקטאָר הערצל לעבט, וועסטו זאָגן אַז ער איז אויך טויט.

אַלבערט

אוואדע איז ער טויט.

וועוועריק

ווי דען, בא אים זיינען אַלע טויט, ער איינער לעבט נאָר אָף דער וועלט.

שאַטנעז

(צו אַלבערט׳ן) נעווער מיינד, מיש זיך ניט אין קיין געלערנטע זאַכן. טו דיין אַרבעט. הענג אויף דעם מאָנטיפיאָרע אָף דער רעכטער זייט פון שאַל און דעם ראַבאַי אָף דער לינ־קער זייט. (אַלבערט נעמט טאָן די אַרבעט)

וועוועריק

(באַטראַכט די בילדער, רייבט זיך די הענט) וואָנדערפול!

וואנדערפול! (פויזע) איצט דאַרפט איר נאָר קריגן א מנורה, וועט שוין זיין אָל טו פּערפעקשאָן, עס וועט זיין די אמתע אידישע אַטמאָספערע, אַזאַ אַטמאָספערע טרעפט מען זעלטן וואו. (אַלבערט ווערט פאַרטיק מיט אויפהייננגען די בילדער)

**שאַטנעז**

(צו אַלבערטן) איצט קאָנסטו גיין. (דינער אָפּ) הער זיך איין וועוווריק, דו האָקסט אַ טשייניק אַלע מאָל מיט אַטמאָספערע, וואָס איז דאָס אַזוינס?

**וועזוריק**

איר ווייסט ניט וואָס סע מיינט אַטמאָספערע?

**שאַטנעז**

איך האָב דאָך דיר אַזויפיל מאָל געזאָגט אַז איך בין פּאַר יאָרן לאַנג געווען אָפּגעריסן פון אידישקייט, טאָג ווי נאַכט געלעגן אין שאַפּ.

**וועוווריק**

אַטמאָספערע מיינט (ער מאַכט מיט ביידע הענט ווי ער וואָלט שווימען) אַטמאָספערע מיינט ווען עס איז אָנגעפילט מיט אַטמאָספערע.

**שאַטנעז**

וואָס איז אָנגעפילט?

**וועוווריק**

אַלץ איז אָנגעפילט.

**שאַטנעז**

וואָס אַלץ?

**וועוווריק**

דאָנט יו אַנדערסטענד? אידישקייט, אידישקייט (פויזע) אַטמאָספערע מיינט אידישקייט.

**שאַטנעז**

נאָו יו אַר טאָקינג, איצט ווייס איך וואָס סע מיינט.

**וועוווריק**

נאָך איין זאַך גייט אָפּ און דאָס איז אַ מנורה. אויב איך וועט נאָך דאָס האָבן — ביי גאַלי! (פויזע) גיט מיר אַ פּאָר דאָלער וועל איך אַרויסלויפן דאָס קויפן, אַט דאָ אַ ניט ווייט קאָן מען דאָס קריגן.

**שאַטנעז**

נעווער מיינד, איך וועל אַליין גיין. דו צעפּאַטערסט מיר צופיל געלט.

**וועוווריק**

מיט פּלעזשור, אדרבא, גייט איר אַליין און קויפט (פּייזע)

אַבער ווי געפעלט אייך מיין איינפאַל?

**שאַטנעז**

וואָס מיינסטו?

**וועוורוק**

וועגן נעקסטטע וואָך וואָס איך האָב אַראַנזשירט.

**שאַטנעז**

דו מיינסט די דעלעגיישאַנס?

**וועוורוק**

אַוודאי מיין איך די דעלעגיישאַנס. (באַגייסטערט) איך שטעל זיך שוין פאָר ווי סעט אויסקוקען, ווען איין דעלעגאַציע נאָך דער צווייטער וועט אריינמאַרשירן מיט מוזיק און געזאַנג און וועט אייך דערלאַנגען אַ גרויסן גאָלדענעם מגן־דוד.

**שאַטנעז**

האָסט עס שוין אַלעס אַראַנזשירט?

**וועוורוק**

זיכער! (פויזע) די וואָך וועל איך זיך זען מיט די רעפּאָר־טערס פון די גרעסטע צייטונגען פון שטאָט און זיי וועלן שוין די זאַך צעשמירן מיט די גרויסע קעפּ (פויזע) איר וועט נאָך ווערן דער מעיאָר פון שטאָט.

**שאַטנעז**

אויב איך וועל ווערן דער מעיאָר פון שטאָט, וועל איך דיר אינזינען האָבן.

**וועוורוק**

בלויז אינזינען האָבן? איר וועט מיר מאַכן פאַר דעם טרעזשורער (פויזע) איר מיינט אַז בלויז איר האָט ליב געלט, איך האָב עס אויך ניט פיינט.

**שאַטנעז**

אַבער דערווייל קאָסט עס מיר אַ פּאָרטשון (פויזע) צו וואָס האָסטו געהייסן אַריינזעצן אַ דיימאָנד אין מגן־דוד? ווינציק געלט וועט מיר קאָסטן דער מגן דוד אַליין?

**וועוורוק**

אויב סע קאָסט אַזויפיל וועט קאָסטן נאָך אַביסל. איר פאַרגעסט אַז מ'וועט שרייבן וועגן דעם (גיט זיך א כאַפּ) דזשיזוס קרייסט! שיעור ניט פאַרגעסן!

**שאַטנעז**

וואָס?

**וועוורוק**

ערשטנס מוזט איר אַרויסווייזן אַז איר זייט שרעקלעך איבעראַשט פון דער מתנה, צווייטנס. . .

שאַטנעז

צווייטנס, וואָס צווייטנס?

וועווריק

צווייטנס, ווען מע וועט אייך דערלאַנגען דעם מגן דוד, זאָלט איר אים שטאַרק צודריקן צום האַרצן (גיט אַ שעלמישן וואונק) אויב איר קאָנט, לאָזט אַ טרער און דאַן האַלט איר די רעדע וואָס איך האָב אָנגעשריבן פאַר אייך. (פּויזע) איר האָט אויסגעלערנט די רעדע?

שאַטנעז

דערווייל נאָך ניט.

וועווריק

איי שלעכט! פאַרבליבן אינגאַנצן עטלעכע טעג און איר קאָנט נאָך אַ וואָרט ניט.

שאַטנעז

זאָל דאָס זיין באַ מיר די לעצטע זאָרג (פאַרטראַכט זיך)

וועווריק

וואָס איז דער מער, מיסטער שאַטנעז?

שאַטנעז

יו נאָו! דאָס איז וועגן מעקסי מיט דער שיקסע ער איז סטאָבאָרן לייק איי מיול (טראַכט) אים אַרויסוואַרפן, קאָן ער נאָך מאַכן אַ פּאָבליק סקענדל ענד איי קענט אַפאָרד איט.

וועווריק

נעמט זיך צו דער שיקסע, סטראַשעט איר מיטן דזשאָב!

שאַטנעז

יעס, איך וועל עס מוזן טאָן. עס איז מיר אַ שאַד. (פּויזע) פון אַלע מיידלעך וואָס איך האָב ביז איצט געהאַט איז זי די בעסטע. זי האָט אַ אידישן קאָפּ אַף זיך. ווען זי זאָל ניט האָבן אַזאַ גויאישן נאָמען — עליזאַבעט מעקפּוירסאָן — און שטענ־דיק אַ צלם אפן האַלז, וואָלט איך פּאָזיטיוו געדיינקט אַז זי שטאַמט פון אידן.

וועווריק

וועל, ביזנעס איז ביזנעס. איר מוזט מיט איר ריידן. איר האָט פאַר זיך אַ גרויסן ציל און קיינער טאָר אייך ניט שטערן.

שאַטנעז

אָקיי, (פּויזע) נו, איך גיי אַריבער קויפן די מנורה (אָפּ)

וועווריק

(שפּאַצירט אַרום אַ צופרידענער, פאַרוויכערט אַ סיגאַר, באַטראַכט די שאָל מיט די בילדער אַרום, בערטאַ קומט אַריין, ער לויפט איר אַנטקעגן, שטרעקט איר אויס ביידע הענט)

העלאָ, מיס שאַטנעז! האו דו יו דו? האו דו יו פיל? ווי גייט'ס? שוין אַזאַ לאַנגע צייט איך ניט געזען!

בערטאַ

(קאַלט) יאָ, זייער לאַנג, זינט נעכטן אין דער צייט. (דער־זעט די בילדער, גיט אַ קלאַפּ איין האַנט אָן דער צווייטער) גאָט מיינער ,וואָס איז דאָס פאַר אַ בילדער? סע ווינציק די שמאָטע, אָט די שאַל?

וועוווריק

דאָנטשו אַנדערסטענד? די פּיקטשעס, דאָס זיינען די טרי־מינגס צו דער שאַל, סעט נאָך באַלד צוקומען אַ מנורה און אפשר וועט מען נאָך עפּעס צוטראַכטן ביז נעקסטע וואָך.

בערטאַ

אומגליק מיינער, וואָס ווילט איר מאַכן פון דער הויז — אַ טעמפּל, א סינאַגאָגע צי גאָר אַ ישיבה?

וועוווריק

יעס, שור, סוירטנלי, געטראָפן! אַלץ צוזאַמען. (באַגייס־טערט) אייער ברודער וועט ווערן אַ ביג טשיף באַ אידן.

בערטאַ

אָט די שאַל מיט די פּיקטשעס וועלן עס מאַכן?

וועוווריק

נעווער מיינד, סעט זיין אָקיי! נעקסטע וואָך וועט איר ערשט זען דאָס ריכטיקע.

בערטאַ

וואָס וועל איך זען?

וועוווריק

ווי מע טיילט צו אייער ברודער כבוד, ווי ער ווערט פּאָ־פּולער אין שטאָט.

בערטאַ

אַזוי! מעג איך אויך וויסן?

וועוווריק

סאַ סוד דערווייל.

בערטאַ

און איר האָט מיין ברודער אַרויפגעפירט אַף דעם וועג?

וועוווריק

אפשר שלעכט?

בערטאַ

איך זאָג ניט אַז סע שלעכט, פאַרקערט, יעדן איינער האָט דאַרף ער העלפן אַ צווייטן און קריגן קרעדיט דערפאַר, אָבער דער אופן ווי מיין ברודער טוט עס איז עס עקלהאַפט — אין

שאפּ האָט ער די אידן טיף אין דער ערד און דאָ אין הויז הענגט ער אויף פּיקטשעס מיט בערד.

וועוואריק

וועל, וועל, איר מישט דאָ איינס מיטן צווייטן. (פּויזע) דאָנטשו אַנדערסטענד? דאָרט אין שאַפּ איז ביזנעס, יו נאָו, פּראָפיט. עפּטער אַל איי דאָנט בליים יו, וואָס ווייסט איר וועגן ביזנעס? כדי צו געבן דאַרף זיין פונוואַנענד צו נעמען — ווי אַזוי האָט געטאָן ראָקפעלער, קארנעגי און די אַנדערע ביג שאַטס?

בערטאַ

אזא יאָר אַף זיי!

וועוואריק

וועל, סאָטש איז לייף.

בערטאַ

נו, זאָל אייך גאָט העלפן.

וועוואריק

יעס, שור, סוירטנלי! פּאָזיטיוו, ער וועט שוין העלפן, הי איז איי גוד גאַי. (פרייליך) נעקסטע וואָך וועט איר זען דעם ערשטן סעמפּל — כבוד, פּובליסיטי — אָט אַזוי פיל אָ! איר וועט זיך רייבן די אויגן, איר וועט דיינקען אז עס איז אַ שיינער חלום, באט סע וועט ניט זיין קיין חלום, סעט זיין (דער טעלע־פאָן קלינגט) עס מוז זיין מיסטער שאַטנעז, איך'ל ענטפערן. (ער נעמט דאָס טרייבל פון טעלעפאָן) העלאָ, הוז דעט? איטס יו מיסטער שאַטנעז? וואָס איז דער מער, איר ווייסט ניט וועלכע מנורה צו קויפן? . . מיט פינף רערלעך, צי מיט זיבן? . . . העי, מיס שאַטנעז, וועלכע איז בעסער?

בערטאַ

פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ און לאָזט מיך צורו!

וועוואריק

(אין טעלעפאָן) אָלרייט, מיסטער שאַטנעז, וואַרט דאָרט צו אַ פּאָר מינוט, איך קום גלייך אַריבער וועל איך אייך העלפן אויסקלייבן. (הענגט אויף דאָס טרייבל, צו בערטאַ'ן) ווי דען אָן מיר וועט ער ווינן וואָס צו נעמען? (אָפּ)

אַלבערט

(קומט אריין) מיס בערטאַ, דאָס עסן איז פאַרטיק, זאָל איך עס אַריינברייננגען אַהער?

בערטאַ

אַ דאַנק, זייט זיך ניט מטריח, איך וועל אריינגיין צוהין, און חוץ דעם וויל איך וואַרטן אַף מעקס'ן, אָן אים וועל איך

סיי ווי ניט עסן. (פויזע) וואו קאָן ער זיין אזוי שפּעט? (אַל־בערט וויל אַוועקגיין) וואַרט אַ מינוט, ווי געפעלט אייך עפּעס די דעקאָראַציעס? (אַלבערט קוועטשט מיט די אַקסלען) ווי איך זע זענט איר עפּעס ניט צופרידן?

אַלבערט

קעגן אייך האָב איך גאָרניט, אָבער אייער ברודער איז זייער אַ שווערער מענטש און ווי נויטיק איך זאָל ניט דאַרפן דעם דזשאָב, ווייס איך ניט צי איך וועל אים לאַנג קאָנען אָנהאַלטן. איך האָב אין שאַפּ קיינמאָל ניט געלאָזט דעם באַ־לעבאָס אַז ער זאָל מיך באַליידיקן, און זינט איך בין געצוואונ־גען צו זיין אַ באַדינער אין הייזער, האָב איך שוין אַ סך פּלע־צער געביטן. (מעקסי קומט אַריין) אַנטשולדיקט, איך וועל גיין זאָגן דער קעכן זי זאָל צוגרייטן דאָס עסן. (אָפּ)

מעקסי

(לויפט צו, כאַפּט זיך אַרום מיט בערטאַ׳ן, קושט איר) העלאָ, טאַנטע!

בערטאַ

וואו ביסטו געווען אַזוי שפּעט? איך האָב שוין אָנגעהויבן איבערקלערן.

מעקסי

בײַ עליזאַבעט׳ן. איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן. (באַגייסטערט) טאַנטע, שי איז איי דאַרלינג! זי ווערט שענער פון טאָג צו טאָג און קלוג איז זי! ! !

בערטאַ

מעקסי, איך הויב אָן ווערן דזשעלאוס.

מעקסי

(קושט איר) טאַנטע, דיין פּלאַץ קאָן קיינער ניט אַוועק־נעמען, זעסט! (ער ווייזט איר אויפן הארצן) אָט דאָ ביסטו בײַ מיר איינגעבאַקן אויפן גאַנצן לעבן. איך גלויב ניט צי אַ מאַמע, די בעסטע מאַמע קאָן זיין בעסער צו איר קינד ווי דו ביסט.

בערטאַ

(שמייכלענדיק) איך האָב געמאַכט בלויז אַ שפּאַס.

מעקסי

(דערזעט די שאַל מיט די בילדער) וואָס איז דאָס?

בערטאַ

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנט) דיין אַנקלס משוגעת.

מעקסי

וואָס ווייטער ווערט ער מער אומפאַרשטענדלעך.

בערטאַ

רעד ניט וועגן אים.

מעקסי

אַ גרוס פון עליזאַבעט, זי האָט מיך געהייסן איבערגעבן דיר פּאָר אירטוועגן אַ קוש. (קושט איר)

בערטאַ

(שמייכלענדיק) איז עס אמת, צי דו האָסט עס אויסגע־טראַכט?

מעקסי

אמת, טאַנטע, אמת, (זיפצט) וואָס וועט זיין מיטן אָנקל?

בערטאַ

וואָס זאָל זיין? (זיפצט) ער האָט מיין לעבן צעשטערט, מיט וועמען איך האָב געוואָלט הייראַטן, האָט ער געשטערט, ס'איז אים ניט אָנגעשטאַנען. אַף יעדן בחור געפונען אַנדערע חסרונות, און איך, נאַר, האָב אים געפאָלגט. (פּויזע) הלואי וואָלט איך דאַן פאַרמאָגט כאָטש האַלב שכל ווי איצט.

מעקסי

טאַנטע, איר זייט נאָך ניט צו אַלט איצט אויך חתונה צו האָבן.

בערטאַ

ניין, מיין קינד, איצט האָב איך נאָר איין שטרעבונג — דיר זען גליקלעך (בייז) און אויב דער אָנקל וועט שטערן, וועל איך גיין ביז בלוט. קיין זאַך וועט ניט קאָנען שטיין אין וועג. (הערט זיך צו) מיר דאַכט זיך אַז ער גייט שוין, גיי אַריין עסן, ביסט שוין גוט הונגעריק, איך וועל באַלד נאָכקומען. (שאַטנעז און וועוריק קומען אַריין, מעקסי וויל אַרויסגיין)

שאַטנעז

וואַרט, מעקסי, איך וויל מיט דיר עפּעס ריידן.

בערטאַ

לאָז אים גיין עסן, ער האָט נאָך אין זיין מויל ניט גע׳האַט. (מעקסי גייט אַרויס, שאַטנעז פאָלגט אים נאָך)

וועוריק

(צעפּאַקט די מנורה) איזן איט וואַנדערפול!

בערטאַ

אין הימלס ווילן, וואָס ווילט איר מאַכן פון דער הויז?

וועוריק

פּליז, זייט ניט עקסייטעט! (ער נעמט אַרונטער פון אַ קליין טישל אַ סלוי מיט וואַסער וואו סע געפינען זיך פישעלעך, ער שטעלט אים אַוועק אַפן גרעסערן טיש, דאָס קליינע טישל

רוקט ער צו צו דער וואַנט וואו די שאַל הענגט, שטעלט אַוועק די מנורה, טוט אַריין דאָרט ליכט, ער קוקט און באַלעקט זיך) איזן איט וואָנדערפול. מים בערטאַ? (פויזע) נעקסטע וואָך דער סופּרייז!

**בערטאַ**

פאַרדרייט אייך אייער קאָפּ מיטן סופּרייז, לאָמיר בעסער גיין זען וואָס טוט מיסטער שאַטנעז צו מיין מעקסי'ן. (מעקסי קומט אַריין, שאַטנעז נאָך אים)

**שאַטנעז**

(בייז, קריצט מיט די ציין) פאַרוואָס אַנטלויפסטו? פאַר־וואָס ענטפערסטו ניט?

**מעקסי**

ניטאָ וואָס צו ענטפערן. איך האָב שוין איינמאָל געענט־פערט.

**שאַטנעז**

(שרייט) יענעם ענטפער נעם איך ניט אָן! איך מוז הערן אַ בעסערן ענטפער. איי וואודן סטענד פאַר איט!

**מעקסי**

קיינמאָל אין לעבן!

**שאַטנעז**

(שרייט) דו וועסט ניט הייראַטן קיין שאָפּ מיידל!

**מעקסי**

אַ שאָפּ מיידל איז קיין מענטש ניט?

**בערטאַ**

אויב דו ווילסט וויסן, איז זי אַ קאָלעדזש גראַדואירטע.

**שאַטנעז**

איך וויל פון קיין זאַך ניט וויסן! מעקסי וועט טאָן ווי איך הייס, דאַצאָל!

**מעקסי**

איז אייך ווינציק, ליבער אָנקל, וואָס איר מאַטערט די אַרבעטער אין שאָפּ?

**שאַטנעז**

(שרייט) שאַראַפּ!

**מעקסי**

איך וועל ניט שווייגן! איך קאָן מער ניט שווייגן!

**שאַטנעז**

איך וועל דיר צומאַכן דאָס מויל!

**מעקסי**

איך בין שוין צו גרויס דערפאַר (קוקט בייז) איר מיינט איך

ווייס ניט אז איר לאָזט ניט קיין אידן אַריין אין שאַפּ?

**שאַטנעז**

(מיט געביילטע פויסטן, לויפט צו מעקסי׳ן) שוויג, דו!

**בערטאַ**

(לאָזט אַרויס אַ קוויטש, לויפט צו שאַטנעז׳ן, אַלבערט קומט אַריין אַ דערשראָקענער, זי כאַפּט שאַטנעז׳ן און שלעפּט זיין רעקל, ער גיט איר אַ שטופּ אָפּ פון זיך, זי פאַלט אויפן פלאָר, שאַטנעז שטייט מיט געביילטע פויסטן, זעט ווי בערטאַ פאַרוואַרפט דעם קאָפּ, ער כאַפּט די וואַזע וואַסער און גיסט איר אָפּ. אַלבערט לויפט צו און כאַפּט אַרויס די וואַסער פון זיינע הענט און שטופּט אים אָפּ)

**שאַטנעז**

(שרייט הויך) יו אר פייערד!

**וועזוריק**

(שרייט הויך) יו אר פייערד!

**אַלבערט**

איך פייף אָף אייךביידן! ! !

**(פאָרהאַנג)**



צווייטע בילד — (אין שאפּ)

(שאַטנעז שפּאַצירט אַרום מיט אַ פּאַפּיר
אין האַנט, וואַרפט אויגן צו דער טיר אַלע
מאָל און שטודירט אין דער הויך)

שאַטנעז

מיינע ליבע, טייערע געסט, איך בין באמת גערירט (ער כאַפּט זיך באַם קאָפּ) פון. . . פון אייער מתנה וואָס איר האָט מיר געבראַכט. (ער דריקט די האַנט צום האַרצן און קוקט בעת מעשה אין אַ שפּיגעלע) איך זאָג צו אַז איך וועל ווייטער זיך נאָך מער אָנשטריינגען צו העלפן און שטיצן ניט נאָר אייך, נאָר אַלע אידן, העלפן מיט אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, מיט געלט, מיט צייט, מיט ענערדזשי. . .

וועוווריק

(קומט אַריין, שאַטנעז באַהאַלט דעם פּאַפּיר, ווען ער דער־זעט אַז עס איז וועווריק, נעמט ער אַרויס צוריק דעם פּאַפּיר, וועוווריק שמייכלט) גוט, גוט, גוט אַזוי! די צייט איז קורץ (שמייכלט) מיסטער שאַטנעז, איך האָב ווידער אַ סופּרייז, ניין, איי בעג יור פּאַרדאָן, צוויי סופּרייזן.

שאַטנעז

סעט קאָסטן אַ סך געלט?

וועוווריק

וויפיל סעט קאָסטן האָט עס די ווערט.

שאַטנעז

לאָמיר הערן.

וועוווריק

ערשטנס, אַ גרויסן קייק מיט 25 ליכטלעך לכבוד דעם וואָס איר זייט שוין 25 יאָר אַ פילאַנטראָפּ.

שאַטנעז

אַ וואָס בין איך?

וועוווריק

אַ פילאַנטראָפּ. לערנט זיך אוים דאָס וואָרט, ס'איז זייער אַ שיין וואָרט.

שאַטנעז

אָבער וואָס איז דאָס?

וועוווריק

איינער וואָס גיט אַסאַך געלט.

שאַטנעז

בין איך איך, הייסט עס, 25 יאָר אַ פילאַ. . .

וועווריק

וואָס אַרט עס אייך, 25 יאָר איז שענער. דער קייק וועט שטיין פון אויבן אָן נעבן אייך, אַ פּאָטאָ־רעפּאָרטער וועט עס אָפּפאָטאָגראַפירן מיט אייך צוזאַמען. (באַגייסטערט) וואָס אַרט אייך, מיסטער שאַטנעז, אַזוינס האָט נאָך די וועלט ניט געזען.

שאַטנעז

און וואָס איז דאָס צווייטע?

וועווריק

איך האָב געאָרדערט באַטנס מיט אייער פּיקטשע און סעט זיין אָנגעשריבן, — „25 יאָר פילאַנטראָפּיע".

שאַטנעז

איך בין דאָך אָבער אַפילו ניט קיין 5 מאָנאַטן אין דער גיים (פּויזע) וויפיל האָסטו געאָרדערט?

וועווריק

פּלענטי! יונג און אַלט, קינד און קייט וועלן עס בא מיר טראָגן. איר מוזט ווערן פּאָפּולער כאָטש ווי דער פּרעזידענט פון לאַנד און נאָכדעם וועט עס גיין אַ גאַנג.

שאַטנעז

ביזט זיכער?

וועווריק

זיכער ווי די „בענק אָוו ענגלאַנד"! און דעריבער בין איך טאַקע געקומען היינט אַזוי פרי, ווייל איך דאַרף אַביסל געלט.

שאַטנעז

וויפל הייסט אַביסל?

וועווריק

אַ פּאָר הונדערט דאָלער.

שאַטנעז

דאָס הייסט בא דיר אַביסל?

וועווריק

ווי דען, אַ סך, הייסט עס? איך דאַרף איינצאָלן פאַרן מגן־דוד, פאַרן קעיק, פאַר די באָטנס. . .

שאַטנעז

אָלרייט, עליזאַבעט וועט באַלד קומען פון באַנק, וועט זי אויסמאַכן אַ טשעק.

וועווריק

שוין צייט אַז איר אַליין זאָלט קאָנען אָנשרייבן אַ טשעק.

שאַטנעז

וואָס מיינסטו, אַז מען איז אַ ביזנעסמאַן אַלע יאָרן, קריכט

אין קאָפּ זיך לערנען?

וועזוריק

אָ, יע, איר האָט גערעדט מיט עליזאַבעטן וועגן זיך מער ניט טרעפן מיט מעקסי׳ן?

שאַטנעז

דערווייל גערעדט מיט איר פאַרבייגייענדיק, אָבער גאַנץ שטרענג.

וועזוריק

דאָס איז גוט, איר דאַרפט אָבער זיין וואָס ווייטער אַלץ שטרענגער. (די טיר פון שאָפּ עפנט זיך דער פאָרמאַן שלעפּט מיט זיך אַ צעשראָקענעם יונגערמאַן)

אָ׳ברייען

צו (שאַטנעז׳ן) מיסטער באָס, איך האָב אים ענדלעך געפּאַקט, שוין אַ לאַנגע צייט חושד געווען אַז ער איז אַ איד, היינט האָב איך אַ זוך געטאָן ביי אים אין קאָוט און אָט האָט איר עס — אַ אידישע צייטונג.

מילער

(בעטנדיק) פּליז, מיסטער שאַטנעז, שיקט מיר ניט אַוועק, איך בין אַ טאַטע פון קליינע קינדער און מיין פרוי איז קראַנק.

שאַטנעז

נעווער מיינד, באַ מיר אין שאַפּ האַלט איך ערלעכע מענטשן בלויז, קיין בלאָפער קאָנען דאָ ניט אַרבעטן! דאָנט יו סי?

מילער

איך קאָן מיין אַרבעט זייער גוט, פרעגט דעם פאָרמאַן.

שאַטנעז

(בייז) מען רעדט ניט וועגן דעם, ביסט באַגאַנגען אַ פאַרברעכן, איי וואודנט סטענד פאַר דים! האָסט געבלאָפט!

מילער

מיין איינציקער פאַרברעכן איז דאָס וואָס איך בין אַ איד.

שאַטנעז

(אויפגערעגט) ווי וואַגסטו אַזוי צו רעדן, דו ליגנער! אַרויס פון דאַנען! דיין פּוס זאָל דאָ מער ניט זיין! (בעת דער פאָרמאַן שלעפּט אים קומט אָן עליזאַבעט, זי שלעפּט אָפּ גיך אַרוי׳ס אַ צלמל וואָס איז געווען פאַרשטעקט באַ איר אינעווייניק, זי שלעפּט עס אַרויס און סע בלייבט הענגען אפן האַלז, זיך באַמבלענדיק איבער דער קלייד. זי מאַכט עס געשיקט, קיינער באַ־

מערקט עס ניט, זי גיט קאלט א שאקל מיטן קאפ צו וועווריק'ן, טוט אויס איר מאנטל)

**וועווריק**

(גייט צו צו איר) העלא, עליזאבעט! וואס האלסטו זיך אזוי פון וויטן פון מיר? איך בין דאכט זיך ניט קיין מיאוסער יונגערמאן.

**עליזאבעט**

פליז, לאזט מיר צורו, איך האב א סך ארבעט (זי קוקט דורך די בריוו, אף איינעם שטעלט זי זיך אפ) מיסטער שאטנעז, אט איז דא אן ענטפער פון טרובאדור האטעל.

**שאטנעז**

(נייגעריק) וואס, וואס שרייבט זיך דארט?

**עליזאבעט**

דערזעלבער ענטפער ווי פון די אנדערע האטעלן — אז ס'איז בלויז פאר קריסטן.

**שאטנעז**

(בייז) אזעלכע חזירים! אזעלכע אנטיסעמיטן! איך בין גרייט צו באצאלן די פרייז און זיי ווילן ניט ארייגלאזן.

**עליזאבעט**

(פאר זיך) גערעכטן אין אונזער שאפ.

**שאטנעז**

וואס האסטו געזאגט?

**עליזאבעט**

גארניט גארניט.

**וועווריק**

האט זיי אין ד'רערד, מיסטער שאטנעז, סעט נאך קומען א צייט און זיי וועלן זיך בא אייך בעטן. (צו עליזאבעט'ן) מאך אויס א טשעק אף 200 דאלער.

**עליזאבעט**

וואס פאר א טשעק?

**וועווריק**

אז מע הייסט דיר, מאך!

**עליזאבעט**

(קוקט אף אים) איר זענט נאך דערווייל ניט מיין באלעבאס.

**שאטנעז**

ס'אלרייט, שרייב אים אויס א טשעק.

**עליזאבעט**

און ווי אזוי זאל איך דאס פארשרייבן?

שאַטנעז

פּוירסענאַל עקספּענס.

עליזאַבעט

אָלרייט. (זי שרייבט אויס אַ טשעק, מיט גרויס מאַטערניש שרייבט שאַטנעז אונטער זיין נאָמען, ער גיט דעם טשעק צו וועווריק'ן)

וועווריק

איצט, מיסטער שאַטנעז, וועלן מיר צוגיין צום שניידער.

שאַטנעז

צו וואָס?

וועווריק

איר וועט מיר אַנטשולדיקן, מיסטער שאַטנעז, איר האָט פאַרגעסן אַז היינט דאַרף דער שניידער אייך אָנמעסטן דעם פרינץ־אַלבערט.

שאַטנעז

אָ, יעס, יעס, (צו עליזאַבעט'ן) איך וועל זיך זאַמען מסתמא אַ שטיקל צייט.

עליזאַבעט

אָלרייט, איך וועל שוין אַלץ באַזאָרגן.

שאַטנעז

(בלייבט שטיין) אויב דו וועסט היינט זען מעקסי'ן, וועסטו שוין וויסן וואָס מיט אים צו רעדן.

וועווריק

עליזאַבעט, פּראַקטישע מיידלעך פאָלגן אַ באַלעבאָס.

עליזאַבעט

וואו קריכט איר מיט די קרומע פיס אַף די גלייכע ווענט?

שאַטנעז

לאָז איר צורו, זי איז אַ קלוג מיידל, זי ווייסט אַז היינטיקע צייטן איז גרינגער צו געפינען אַ באָי ווי אַ דזשאָב. (צו וועווריק'ן) קאָם אָן, לאָמיר גיין. (ביידע אָפּ)

(עליזאַבעט קוקט זיי נאָך. בייסט שטאַרק די ליפּן זי נעמט זיך צום טייפּרייטער, דאָס צלמל באַמבלט זיך צו שטאַרק, זי נעמט מיט כעס און וואַרפט עס אריין אינעווייניק אין קלייד)

אָ'ברייען

(עפנט די טיר, קוקט זיך אַרום) ניטאָ דער באָס?

עליזאַבעט

ניין, צו וואָס דאַרפסטו אים?

אָ'ברייען

ווידער געפּאַקט אַ אידישקע, דאָס מאָל אַ מיידל, זייער קונ־

ציק זיך פאַרשטעלט, אָבער איך האָב זי אַנטדעקט.

**עליזאַבעט**

או וואַ! אוי־וואַ! אַ צווייטער קאָלומבוס!

**אָ'ברייען**

וואָס זאָל איך טאָן, זי אָוועקשיקן, צי וואַרטן אַפּן באָס?

**עליזאַבעט**

לאָז איר אַרבעטן און דריי ניט קיין הינטל.

**אָ'ברייען**

אַן אָרדער איז אַן אָרדער.

**עליזאַבעט**

איר אַרבעט טוט זי?

**אָ'ברייען**

באַם באָס איז עס ניט קיין תירוץ.

**עליזאַבעט**

דו מוזט עס אים דערציילן?

**מילער**

ווי קומסטו זיך אָננעמען פאַר אַ אידיש מיידל?

**עליזאַבעט**

אַ אידיש מיידל דאַרף ניט עסן? זי האָט ניט קיין מאָגן?

**אָ'ברייען**

(גיט אַ מאַך מיט דער האַנט) מיט דיר איז שווער צו רעדן.

(אָפּ. עליזאַבעט נעמט זיך צו איר אַרבעט, עס עפנט זיך שטיל די טיר פון דרויסן, מעקסי קומט אַריין אַף די שפּיץ פינגער, גנב'עט זיך הינטער עליזאַבעט'ן, פאַרמאַכט איר די אויגן מיט די הענט)

**עליזאַבעט**

(דערשראָקן) ווער איז דאָס?

**מעקסי**

(בויגט זיך איין, גיט איר אַ קוש, נאָכדעם אַ פייף)

**עליזאַבעט**

ס'איז מעקסי! מעקסי! מעקסי! (זי נעמט זיך אַזש טרייס־לען)

**מעקסי**

(לאָזט איר אָפּ) ווי איך זע איז דיין באָס ניטאָ.

**עליזאַבעט**

ניין, פון וואַנען ווייסטו?

**מעקסי**

איך זע ניט דעם צלמל באַ דיר פון פאָרנט.

**עליזאַבעט**

ריכטיק, ריכטיק! (פּויזע) האָסט עפּעס נייעס?

**מעקסי**

נייעס פאַראַן אַ סך, ווערוויק מאַכט אַלע אָנשרייבונגען אַז די אונטערנעמונג באַם אָנקל זאָל זיין אַ גרויסער סוקסעס — (פּויזע) מיט די אַרבעטער אין שאַפּ ביזטו פאַרטיק?

**עליזאַבעט**

געהאַט מיט זיי אַ שטיקל מיטינג נעכטן באַנאַכט, אויסגעאַרבעט אַלע דעטאַלן, וואָס, ווען און ווי אַזוי?

**מעקסי**

(גיט איר אַ קוש) אויסגעצייכנט! (פּויזע) און ווער וועט זיי פירן צום אָנקל?

**עליזאַבעט**

מיר וועלן זיי אַריינפירן, אָבער מיר וועלן זיי לאָזן גיין פאָרויס און נאָכדעם וועלן מיר צוקומען מיט אונזער סופּרייז.

**מעקסי**

(שלעפּט אַרויס אַ פּאַפּיר פון בוזים-קעשענע) עס וועט אים ליכטיק ווערן אין די אויגן אַז ער וועט דאָס דערזען.

**עליזאַבעט**

יאָ, איך שטעל זיך פאָר.

**מעקסי**

און איצט האָב איך פאַר דיר אַ סופּרייז.

**עליזאַבעט**

היינט איז אַ סופּרייז טאָג.

**מעקסי**

(נעמט אַרויס אַ רינגל) מיין טאַנטע האָט עס דיר געגעבן. (פּויזע) דאָס איז דער רינגל וואָס מיין פאָטער האָט געגעבן מיין מוטער ווען זיי האָבן געהייראַט. (פאַרטראַכט זיך) 20 יאָר צייט האָט עס די טאַנטע געהאַלטן פאַר מיינטוועגן. איצט איז דאָס דיינס. (ער טוט איר אָן דאָס רינגל, ער נעמט איר אַרום, פאַרמאַן גיט אָן עפן די טיר פון שאַפּ, דערזעט די סצענע, ציט זיך שנעל צוריק)

**(פאָרהאַנג)**



## דריטע סצענע:

דערזעלבער צימער ווי אין דער ער־
שטער סצענע. בא שאַטנעז׳ן אין הויז.

פאַרטרעטער פון עטלעכע אינסטיטוציי־
עס, שאַטנעז זיצט אויבן אָן באַם טיש,
נאָנט צו דער שאַל מיט די בילדער,
רעפּאָרטערס זיצן באַ אַ ספּעציעלן
טישל. ווערוויק שמייעט אַרום, גייט אַלע
ווײַלע צו צו די רעפּאָרטערס, רוימט
זיי עפּעס איין אין אויער, דעם פאָטאָג־
ראַפער הייסט ער אַלע ווײַלע אַראָפּ־
כאַפּן אַ פאָטאָגראַפיע. בערטאַ זיצט אָן
אַ זייט, קוקט אויס נערוועז, אַלע ווײַלע
כאַפּט זי אַ קוק צום טיר וואָס פירט אין
גאַס אַרוים.

**פאָרזיצער**

שוועסטער און ברידער, פריינד און באַקאַנטע! איך וואָלט נאָך געקאָנט רעדן און רעדן זייער לאַנג וועגן דער גרויסער און נאָבעלער אַרבעט וואָס אונזער חשוב׳ער מיסטער שאַטנעז, דער גרויסער בעל צדקה האָט אויפגעטאָן פאַר די אידן בכלל און פאַר די אידישע אינסטיטושאַנס בפרט אין די 25 יאָר פון זיין גרויסער טעטיקייט, אַזוי ווי איך בין אָבער דער טשערמאַן פון אָוונט, וויל איך קיין סך צייט ניט פאַרנעמען און איך וועל דעריבער בעטן אונזער קאַפּעליע אַז זי זאָל שפּילן אַ אידישע זאַך און אונזער בעל שמחה וועט טאַנצן מיט די פאַרטרעטער פון די אָרגאַניזיישאַנס.

**שאַטנעז**

(שטעלט זיך אויף) ליידיס און דזשענטלמען, איך וויל אייך דאַנקען פאַר דעם גרויסן האָנאָר וואָס איר טיילט מיר צו, אָבער טאַנצן וועל איך ניט.

**ווערוויק**

(לויפט צו) ס׳אָלרייט, מיסטער שאַטנעז, איר טאַנצט וואָנ־
דערפול!

**שאַטנעז**

(שטילערהייד) באַנדיט, צו וואָס האָסטו דאָס געטאָן?
איך קאָן ניט טאַנצן.

וועוריק

(שטילערהייד) די רעפּאָרטערס דאַרפן דאָך האָבן וואָס צו שרייבן.

שאַטנעז

זיי וועלן דאָך אָבער לאַכן.

וועוריק

ס'אָלרייט, ס'איז טאַנץ וואָס מע דאַרף נאָר העפען מיט די פיס (שרייט) — קאָמאָן, מוזיק! (צום פּאָרזיצער שטי־לערהייד) פאַרוואָס האָסטו ניט פאַרענדיקט דיין ספּיטש? האָסט דאָך אפילו קיין דריטל ניט געזאָגט.

פּאָרזיצער

ש,ש,שאַ, איך האָב פאַרגעסן וואָס ווייטער צו זאָגן.

וועוריק

ווער גע'הרג'עט, דו לאָפּאַצאָן! (שרייט) קאָמאָן, מוזיק! (די קאַפּעליע שפּילט, די פאַרטרעטער טאַנצן מיט שאַטנעז'ן, וועוריק גייט צו צו דעם פאָטאָגראַפער) קאָם אָן, סנעפּ איט! (יענער טוט עס)

פּאָרזיצער

אַצינד וועל איך אייך אלעמען בעטן, פּליז, סיטדאון, עוורי באָדי! (ווען מען פאָלגט ניט אַזוי גיך הויפּט ער אָן קלאַפּן מיטן פויסט און שרייט) סיט דאַון!

וועוריק

(לויפט צו) העי, דו, לאָפּאַצאָן! סע דאָך ניט קיין מיטינג פון דער סאָסייעטי, דו פאַרגעסט וואו דו ביסט.

פּאָרזיצער

שוועסטער און ברידער! ווי איך האָב פריער געזאָגט איז אונזער חשוב'ער מיסטער שאַטנעז שוין 25 יאָר א פילנטאָפּ, (וועוריק זאָגט אים אונטער, — פילאַנטראָפּ) איך מיין אַ פילאַנטראָפּ און די דעלעגיישאָן פון מושב זקנים האָבן א סופּרייז וואָס וועט באַווייזן אז יעדעס וואָרט וואָס איך זאָג איז אמת. (ער גיט אַ וואונק, צוויי ברייננגען צו אַ שיין פּאַפּירן קעסטל, נעמען ארויס פון דאָרטן אַ קייק אין וועלכן עס שטעקן 25 ליכטלעך, זיי ווערן באַלד אָנגעצונדן)

איינער פון די דעלעגאַטן

אַזוי ווי די ליכטלעך שיינען, אַזוי זאָל אייער מזל שיינען און באלייכטן דאָס פאָלק ישראל! (שאַטנעז גיט אים די האַנט)

שאַטנעז

טענקיו, טענקיו וועדי מאַטש!

**צווייטער פון די דעלעגאַטן**

איך ווינש אייך אין אונזער אלעמענס נאָמען אַז איר זאָלט דערלעבן אַז מע זאָל אייך אָנצונדן דריי מאָל אַזויפיל.

**וועוּוריק**

(שטילערהייד) אָמן!

**שאַטנעז**

(דריקט זיין האַנט) טענקיו, טענקיו, וועַרי מאַטש!

**וועוּוריק**

(צו מיס שאַטנעז, שטיל) איזנט וואַנדערפוּל! ווי געפעלט אייך דער קעיק? סאָם קעיק! 23 דאָלער קאָסט ער, איי שור ליוו סאָ!

איך וואָלט ניט געגעבן קיין 23 סענט.

**וועוּוריק**

והאַי?

**בערטאַ**

ווייל ס'איז אַ ליגן! ס'איז אַפילו ניטאָ קיין 5 מאַנאַטן זינט ער גיט געלט אַף אידישע אינסטיטוציעס. (קוקט צום טיר)

**וועוּוריק**

וואָס קוקט איר אַזוי פיל צום טיר?

**בערטאַ**

(טאַמעוואַטע) סע דאַרפן דאָך קומען נאָך דעלעגאַציעס.

**וועוּוריק**

(שאָקלט מיט'ן קאָפּ אַף ניין) אַלע זיינען דאָ.

**בערטאַ**

און איך דיינק אַז סע דאַרפן נאָך קומען.

**וועוּוריק**

וואָס אייך קאָן איינפאַלן!

**פּאָרזיצער**

אַצינד, ליידיס און דזשענטלמען, קומט דער גרויסער מאָמענט, פליז סטענד אָפּ, עווערי באָדי! (אַלע פאָלגן אויסער בערטאַ, ער שרייט צו איר) העי, יו, סטענד אָפּ! (זי ענטפערט אים בלויז מיט אַ פאַראַכטנדן בליק)

**וועוּוריק**

(צו אים שטילערהייד) לאַפּאַצאַן, שאַראַפּ! סע דאַך דעם טשיפס שוועסטער! (דעם פּאָרזיצער'ס פּנים בייט זיך, אַ חניפה'דיק שמייכעלע באַווייזט זיך, ער פאַרלירט זיך פאַר אַ מאָמענט און רעדט ווייטער)

**פּאָרזיצער**

איצט וועט די קאָמיטע וואָס פאַרטרעט 3 אינסטיטושאָנס

דערלאַנגען מיסטער שאַטנעז׳ן, דעם שטאָלץ פון אידנטום, זייער פרעזענט.

**וועוווריק**

(צו בערטאַ׳ן) איר ווייסט וואָס דאָס איז?

**בערטאַ**

ניין.

**וועוווריק**

קוקט, קוקט, (די קאָמיטע קומט צו, פאַרנויגט זיך פאַר שאַטנעז׳ן, דערלאַנגט אים אַ גאָלדענעם מגן־דוד,— צום פאָטאָגראַפער) קוויק סנעפ איט! (ער טוט עס)

**איינער פון דער קאָמיטע**

(צו שאַטנעז׳ן) דזשאָסט ווי דער מגן־דוד איז דער סיין פונם אידישן פאָלק, און איר זייט דער טשיף פון אלע אידן, דעריבער שיינקען מיר דאָס אייך.

**בערטאַ**

(צו וועוווריק׳ן) דער טשיף פון אלע אידן, ניט מער און ניט וויניקער.

**וועוווריק**

שור, שור.

**פאָרזיצער**

קאַפעליע, שפילט די התקוה. (מען שפילט)

**שאַטנעז**

(דריקט די הענט פון דער קאָמיטע, האלט דעם מגן־דוד אין דער רעכטער האַנט) ליידים און דזשענטלמען, דאָנט יו סי, דיס איז די סופרייז אָף מיי לייף, איך ווייס ניט איי דאָנט נאָ וואַט טו סיי, איך בין אזוי עקסייטעד, איך ווייס אַז איך האָב א סך געטאָן פאַרן אידישן פאָלק, דאָ זיינען פאַרטראָטן אַלע דעלע־גיישאָנס. (עס גיט זיך אן עפן די טיר פון דרויסן, די דעלעגאַציע פון שאַפ קומט אריין, שאטנעז דערקענט זיי, ער ווערט נערוועז, נעמט זיך ווישן דעם שוויים)

**דעלעגאַציע**

(קומט צו נאָענט צו שאַטנעז׳ן) כאָטש מען האָט אונז ניט איינגעלאדן, דאָך האָבן מיר געפילט פאַר אונזער פליכט צו קומען אַהער. (פויזע) מיר זיינען א דעלעגאַציע פון מיסטער שאַטנעז׳ם שאַפ, מיר זיינען געקומען אים אויך באַגריסן. (פויזע) אזוי ווי מיסטער שאַטנעז לאָזט ניט אַריין קיין אידן אַרבעטן בא אים אין שאַפ, מוזן מיר זיך פאַרשטעלן פאַר קריסטן כדי ער זאָל אונז ניט אַרויסוואַרפן.

**שאַטנעז**

(נערוועז, שרייט) ס'א בלאַף!

**מילער**

(איינער פון דער דעלעגאַציע)

מיסטער שאַטנעז, קוקט מיר אין די אויגן, האָט איר ניט געהייסן לעצטע וואָך מיר ארויסוואַרפן פון אייער שאָפּ ווען אייער פאָרמאַן האָט אויסגעפונען אַז איך בין א איד? קוקט מיר אין די אויגן, לייקנט דאָס אָפּ! (מעקסי און עליזאַבעט קומען אריין)

**מעקסי**

אַנקל שאַטנעז, מיין ניט, אַז נאָר בּאַ דיר איז אַ יום־טוב. בּאַ מיר און איר איז אויך א יום טוב, מיר האָבן אויך פאַר אייך אַ סופּרייז, אַן אמת'ן סופּרייז. (ער שלעפּט אַרויס אַ פּאַפּיר פון בוזים קעשענע) איר זעט, דאָס איז אונזערע „מערידזש לייסענס". (ער נעמט ארום עליזאַבעט'ן)

**שאַטנעז**

(ווילד פון כעס) אַרויס פון דאַנען! (צו מעקסי'ן) מיט אַ שיקסע האָסטו חתונה?

**עליזאַבעט**

אנטשולדיגט, לײדיס און דזשענטלמען, מיסטער שאַטנעז ערגערט זיך אומזיסט, איך בין ניט קיין שיקסע, איך הייס ניט עליזאַבעט מעקפּוירסאָן, מיין אמת'ער נאָמען איז לאה פיינשטיין, איר וועט מיר אַנשולדיקן מיסטער שאַטנעז וואָס איך האָב אייך געמוזט בלאָפן, אניט וואָלט איך בּאַ אייך ניט געקאָנט אַרבעטן, דעריבער האָב איך געמוזט בייטן מיין נאָמען און דעריבער האָב איך געמוזט טראָגן אַ צלמל אויפן האַלז. (כאַפּט אָפּ דעם אָטעם) אַזוי ווי איך בין זיכער, אַז מער וועל איך דעם דזשאָב ניט קאָנען בּאַ אייך האָבן, איז נאָט אייך דאָס צלמל. (זי טראָגט אים אונטער דאָס צלמל, שאַטנעז הויבט אָן אַרונטערזינקען און פאַלט אין חלשות, בערטאַ כאַפּט די וואַזע וואַסער מיט די פישעלעך און גיסט אָפּ שאַטנעז'ן)

**וועזוריק**

(לויפט צו) וואָס טוט איר?

**בערטאַ**

דאָס זעלבע וואָס ער מיר געטאָן. (צו דער מוזיק) פאַרוואָס שפּילט איר ניט? קאָם אָן, שפּילט עפּעס לכבוד דעם גרויסן אידישן פילאַנטראָפּ!

**(פאָרהאַנג)**

פּ״ל און בּויגן

# הענדס אָפּ
(שאַרזש)

פערזאָנען:

מאָרים

רויבער

לענדלאָרד

די סצענע שטעלט פאָר א געוויינלעכן אַרבעטער צימער. פאַר עטלעכע סעקונדן איז די בינע ליידיק. פון דער רעכטער זייט עפנט זיך די טיר. עס קומט אַריין מאָרים מיט צוויי פעקלאַך אין די הענט. פון דער אַנדערער זייט קריכט אַריין דער רויבער דורכן פענסטער מיט צוויי רעוואָלווערן אין די הענט. ביידע טרעפן זיך אין מיטן צימער. זיי קוקן זיך אָן.

**מאָרים**

(מיט א שמייכל) שלום עליכם, פליז טו מיטשיע!

**רויבער**

(שטייף) מוטשיע ניט פליז און שטעק אָפּ די פאָר טולער.

**מאָרים**

קאָן איך וויסן מיט ווּעמען איך האָב די ערע צו שפּרעכן?

**רויבער**

(מיט שטאָלץ) איך בין א רויבער און א פיקפּאָקעט.

**מאָרים**

א פיקפּאָקעט אויך? אויסגעצייכנט! קאָנסט אַלעם אַרויםנעמען?

**רויבער**

אַלעם נעם איך.

**מאָרים**

(שטרעקט אוים א פינגער) אויב אַזוי, נעם זיי מוחל אַרוים בא מיר א האָלץ פון פינגער. שוין א פאָר טעג אַז סע באַדערט מיך.

**רויבער**

(מיט ווירדע) איך גיב זיך ניט אָפּ מיט אַזעלכע נאַרישקייטן (פויזע) איך נעם נאָר געלט און דזשולערי.

**מאָרים**

זייער פיין, אפשר קענסטו נעמען א פאָר דאָלער פון מיינט ווענן? איך מוז באַצאָלן כאָטש פאַר איין מאָנאַט רענט, אויב ניט ליג איך די וואָך אין גאַס.

**רויבער**

(שטעלט אַן בײדע רעװאָלװערן קעגן מאָריס׳ן) גענוג זיך גע׳חכמה׳ט, הענדס אַפּ!

**מאָריס**

שוטה, װי קאָן איך? זעסט דאָך אַז איך האַלט פּעקלעך אין די הענט.

**רויבער**

(שרײט) הענדס אַפּ!

**מאָריס**

פּליז, שרײ ניט. װעסט מיר אױפװעקן די בײבי. זי קוים אײנגעשלעפערט.

**רויבער**

(גװאַלדעװעט) הענדס אַפּ! ! !

**מאָריס**

זאָלסט אַזױ כּח האָבן צו הױבן די פיס, װי איך האָב כּח רירן מיט די הענט. נאָר אַז דו הײסט מוז מען דאָך פאָלגן. (זיפצט) אַ ברירה האָב איך? (לײגט אַװעק די פּעקלאַך אױפן טיש, זיפצט) און חוץ דעם בין איך גלאַט נײגעריק צו זען װאָס װעט ער דאָ אױפטאָן אַז איך װעל די הענט אױפהײבן. (שטעלט זיך קעגן רויבער מיט די הענט אין דער הױך) נו אַזױ קוק איך אױס בעסער?

**רויבער**

(בײז) שאַראַפּ! װאו איז דײן געלט?

**מאָריס**

אדרבא, אפשר װײסטו װאו מײן געלט איז? איך אַרבעט שױן אַזױ לאַנג אין קאָלאָמבוסעס מדינה!

**רויבער**

(טופּעט מיט די פיס) װאו איז דײן געלט!

**מאָריס**

אָלרײט, אָלרײט, איך װעל דיר זאָגן (טראַכט אַ װײלע) לעט מי סי: (פאַרקנײטשט דעם שטערן) אַ ביסל אין יאַר־מעלאָװסקי׳ס באַנק, אַ ביסל באַ מאַנדל בראָדערס און דאָס איבעריקע אין דער באַנק פון יאָזעף מאַרקוס, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל ער האָבן.

**רויבער**

(טראַכט אַװײלע) װאָס האָסטו באַ זיך אין די קעשענעס?

**מאָריס**

(שמײכלט) װאָס אַרט עס דיר? אַ סך װיל איך װיסן װאָס באַ דיר אין די קעשענעס טוט זיך?

רויבער

(מיט כעס) וואָס האָסטו ביי זיך אין די קעשענעס?

מאָרים

הער אויף שרייען, פּליז, וועסט מיר אופוועקן די בייבי. ווילסט וויסן וואָס איך האָב אין די קעשענעס נעם, זיי מוחל און גיב אַ קוק.

רויבער

אידיאָט! ווי קאָן איך? זעסט דאָך אַז מיינע הענט זיינען פאַרנומען מיט רעוואָלווערן.

מאָרים

נאַרעלע, לייג זיי אַוועק. קיינער צווינגט דיך חלילה ניט אַז דו זאָלסט זיי האַלטן.

רויבער

(שרייט) הער אויף זיך קליגן. נעם און באַזוך זיך!

מאָרים

אַ שיינעם דאַנק, ניט נויטיק. (פּויזע) איך האָב אַ גוטן קאָפּ, איך ווייס וואָס איך האָב אין די קעשענעס.

רויבער

(שטרענג) דו באַזוכסט זיך צי ניין? ! (ער שטעלט צו די רעוואָלווערן צו מאָרים׳עס זייטן)

מאָרים

(צעלאַכט זיך) הער אויף! איך בין קיצלדיק.

רויבער

איך וועל באַלד אויסשיסן וועסטו זיך האַלטן בא די זייטן.

מאָרים

הער אויף! איך האַלט ניט פון אַזעלכע שפּאַסן.

רויבער

טאָ נעם און באַזוך זיך.

מאָרים

אדרבא, ווי קאָן איך? הייסט דאָך מיר האַלטן די הענט אין דער הויך.

רויבער

אָט אַזוי רעדסטו ווי אַ מענטש. נעם מיט דיין רעכטער האַנט און ליידיק אויס די קעשענעס.

מאָרים

איך בין אַ גלינקטער. איך קאָן מיט דער רעכטער האַנט גאָרנישט טאָן.

רויבער

טאָ נעם מיט דער לינקער און מאַך אַ סוף!

מאָרים

אַט אַזוי רעדסטו ווי אַ חכם (ער שלעפּט אַרויס אַ טייסטערל פון קעשענע, צעעפנט עס און עס פאַלט אַרויס עפּעס אפן טיש)

רויבער

(קוקט עס אָן) וואָס איז דאָס?

מאָרים

דאָס איז אַ צווילינג ניסל. אַז מען טראָגט דאָס מיט זיך איז מען מזל'דיק.

רויבער

גיב עס אהער! איך דאַרף עס האָבן.

מאָרים

און וואָס וועל איך טאָן? איך באַדאַרף ניט קיין מזל?

רויבער

(שטעלט צו די רעוואָלווערן צו מאָרים'ס האַרץ) דו גיסט?

מאָרים

פּליז, נעם אַוועק. איך האָב אַזוי אויך אַ שוואַך האַרץ. (פּויזע) מער פעלט מיר ניט נאָר אַ לאָך אין האַרצן, קאָרג לעבער האָב איך?

רויבער

איך שיס באַלד אוים.

מאָרים

אַלרייט, נאַ. (פּויזע) ביזט קינעגאַרע אַ פיינער דבר־אחר. מען טאָר דיר אין קיין אַנשטענדיקער הויז ניט אריינלאָזן.

רויבער

און וואָס האָסטו אין דער רעכטער קעשענע?

מאָרים

אַלץ ווילסטו וויסן, וועסט נאָך שנעל אַלט ווערן.

רויבער

דו זאָגסט צי ניין? ! (שטעלט צו די רעוואָלווערן צו מאָרים'ס נאָז־לעכער)

מאָרים

סטאָפּ! איך האָב אַזוי אויך אַ קאַלד אין נאָז.

רויבער

טאָ לאָמיר זען וואָס דו האָסט דאָרטן.

**מאָרים**

(שלעפּט אַרויס פון קעשענע, האַלב פאַרשעמט) דאָס איז אַ שטיקל ספּאָנדזש-קייק (פּויזע) איך בין נעכטן בײַ נאַכט געווען בײַ מײַנעם אַ לאַנדסמאַן אויף אַ חתונה, האָב איך ניט געקאָנט אופּעסן דעם גאַנצן קייק, האָב איך. . .

**רויבער**

לייג דאָס מיר גלייך אַרײַן אין מויל!

**מאָרים**

(שטופּט אים דעם קייק אין מויל) נאַ, נאַ! און ווער דערוואָרגן. דעם ביסן רייסט מען אַרויס פון מויל.

**רויבער**

און וואָס האָסטו אין יענער קעשענע?

**מאָרים**

שטעק אַרײַן די הענט וועסטו לעקן די פינגער (פּויזע) מײַנע האָט מיר אַנומלטן מיטגעגעבן אין שאַפּ אַ סלויעקל מיט דזשעלי, איז עס צעבראָכן געוואָרן אין קעשענע.

**רויבער**

און אין בוזעם-קעשענע וואָס האָסטו?

**מאָרים**

דאָס איז אַ ליבעס בריוועלע פון מײַן לענדלאָרד, אַ דיס־פּאָזעס, אויב איך גיב אים ניט קיין רענט, כאָטש פאַר איין מאָנאַט, לייג איך אין גאַס מיט די בעבעכעס. (עס הערט זיך אַ געוויין) ווײַ איז מיר. די בייבי האָט זיך אופגעכאַפּט (פּויזע) דו זעסט כאָטש וואָס דו האָסט אופגעטאָן? (גייט אַרויס)

**רויבער**

(צו זיך) איך הויב אָן צו גלויבן אַז ער האָט טאַקע קיין געלט ניט. (עס קומט אַרײַן דער לענדלאָרד) הענדס אָפּ!

**לענדלאָרד**

(הויבט אויף די הענט) וואָס איז דאָס?

**רויבער**

(לייגט אַוועק אַיין רעוואָלווער אויפן טיש. שטעקט אַרײַן די האַנט צום לענדלאָרד אין קעשענע. שלעפּט אַרויס אַ פּעקל פּאַפּיר-געלט, רוקט זיך אָפּ הינטערווײַלעכס וויל אַרײַנשטופּן דאָס געלט אין דער הינטערשטער הויזן-קעשענע, כדי אַ כאַפּ טאָן דעם צווייטן רעוואָלווער פון טיש. דאָס געלט פאַלט אַרונ־טער, ער באַווײַזט ניט כאַפּן דעם רעוואָלווער, ווײַל דער לענדלאָרד כאַפּט אים) גיב אַהער דעם רעוואָלווער!

**לענדלאָרד**

— גיב אַהער דאָס געלט! (ביידע דרייען זיך אין הקפות

עטלאַכע מאָל מיט די אויסגעשטרעקטע רעוואָלווערן איינער קעגן דעם צווייטן. מען דרייט זיך ביז מען רוקט זיך אַרויס פון דער בינע)

מאָרים

(קומט אַריין) העי! מיסטער „הענדס אָפּ"! זאָלסט מיר ניט אַזוי הויך שרייען, ווייל דו. . . (קוקט זיך אַרום און זעט קיינעם ניט) וואו איז ער אַהינגעקומען? (זוכט מיט די אויגן. דערזעט דאָס געלט אַף דער ערד. הויבט עס אוף און גלויבט ניט זיינע אייגענע אויגן. ציילט איבער. הויבט אזש אָן טאַנצן. באַרואיקט זיך. רעדט צו זיך) נאָך אַלעמען איז ער אַ פיינער מאַן דער מיסטער „הענדסאָפּ". (פּויזע) איצט וועל איך קאָנען באַצאָלן פּאַר אַ מאָנאַט רענט און סע וועט מיר נאָך בלייבן אַף אַ וואָך צייט אַף סיגאַרעטס (פּויזע; ער הערט זיך איין) שוין ווי־דער די בייבי. וואָס טוט מען? (אָפּ)

לענדלאָרד

(קומט אַריין דורכן טיר. קוקט צוריקוועגס. רעדט צו זיך) אַזאַ באַנדיט! אי צוגענומען דאָס געלט, אי אַרויסגעכאַפּט דעם רעוואָלווער. (קריצט מיט די ציין און פּאַכעט מיט'ן פויסט)

מאָרים

(קומט אַריין) העלאָו, מיסטער לענדלאָרד! מיט וועמען פּאַרברענגט איר דאָס?

לענדלאָרד

(בייז) נעוועער מיינד! (פּויזע) וואָס הערט זיך מיטן רענט? אויב דו באַצאָלסט ניט ביז היינט פּאַרנאַכט פּאַרן לעצטן מאָ־נאַט, וועסטו בא מיר מאָרגן ליגן אין גאַס.

מאָרים

ערגערט זיך ניט מיסטער לענדלאָרד, ערגערט זיך ניט. איר קאָנט נאָך חלילה קראַנק ווערן און אָוועקשטאַרבן, טאַ ווער וועט שיקן אַ דיספּאָזעס? (פּויזע) יאָ, שיעור פּאַרגעסן. איך דאַרף שוין ניט אייער דיספּאָזעס. (שלעפּט אַרויס אַ קאָלירטן פּאַפּיר פון קעשענע) נאַט אייך עס אָפּ צוריק. איך דאַרף דאָס שוין מער ניט.

לענדלאָרד

(בייז) דו רייצט זיך מיט מיר! מאָרגן ליגסטו אין גאַס מיט די בעבעכעס.

מאָרים

ניט נויטיק. איר קאָנט זיך איינשפּאָרן די אַרבעט. איך האָב פּאַר אייך רענט.

**לענדלאָרד**

לאָמער זען.

**מאָרים**

איך וויל אַ רעסיט אַף מיין געלט.

**לענדלאָרד**

איך האָב שוין אַ רעסיט פאַרטיק נאָך פון לעצטן מאָנאַט. (מאָרים נעמט אַרויס די געלט פון קעשענע, דער לענדלאָרד — דעם רעסיט. מען בייט זיך. מאָרים קוקט אַפן רעסיט און דער לענדלאָרד ציילט דאָס געלט און קוקט עפּעס מאָדנע דערויף. רויבער באַווייזט זיך באַם פענצטער. (צו מאָרים׳ן) וואו האָסטו גענומען דאָס געלט? ס׳איז דאָך. . .

**רויבער**

(גייט אריין דורכן פענצטער מיטן רעוואָלווער צום לענדלאָרד. (באַפוילעריש) הענדס אַפּ!

**לענדלאָרד**

(הויבט זיך אָן בעטן) וואָס ווילסטו פון מיין לעבן?

**רויבער**

(קומט צו נענטער) אַהער דאָס געלט, ווייל איך שיס גלייך אוים! . . .

**לענדלאָרד**

(גיט אים דאָס געלט. מיט געבעט) אויב דו נעמסט צו באַ מיר דאָס געלט, טאָ נעם צו באַ אים דעם רעסיט וועל איך אים קאָנען מאָרגן אַרויסשטעלן אין גאַס. איך האָב שוין אפילו באַשטעלט דעם שעריף.

**רויבער**

איך מיש זיך ניט אין אַזעלכע זאַכן (פּויזע) גיב אַהער דעם דיימאָנד רינג, אָבער מאַך עס שנעל!

**לענדלאָרד**

(גיט אים דעם רינג) נאַ! אָבער, פּליז, נעם בא אים צו דעם רעסיט.

**רויבער**

(נעמט דעם רינג) איך מיש זיך ניט אין אַזעלכע זאַכן. גיב אַהער דעם דיימאָנד פון דיין שניפּס!

**לענדלאָרד**

(גיט אים די שפּילקע) פּליז, האָב רחמנות און נעם באַ אים צו דעם רעסיט.

**רויבער**

(שרייט) איך מיש זיך ניט אין אַזעלכע זאַכן: גיב אַהער

דעם זייגער מיט דער קייט, אָבער שנעל! (לענדלאָרד גיט עס אים. קרעכצט) וואָס נאָך האָסטו?

לענדלאָרד

(מיט געוויין) מער האָב איך גאָרנישט. נעם באַזוך מיך. איך האָב מער גאָרנישט.

מאָריס

ניט אמת. די הויז איז זיינע. אפשר קענסטו זי צונעמען?

רויבער

(צוריקוועגס גייענדיק צום פענצטער) אַ גוטן טאָג. (שפרינגט אַרויס. לענדלאָרד לויפט אים נאָך און פאַלט אַריבער מיטן קאָפּ אין דרויסן. די פיס בלייבן אין הויז)

מאָריס

(קומט צו, טראָגט אים אונטער דעם דיספּאָזעס) מיסטער לענדלאָרד, איר האָט פאַרגעסן דעם דיספּאָזעס. רענט האָט איר דאָך שוין געקראָגן, אָט איז דער רעסיט. (פּויזע) געקומען נאָך ירושה און געמוזט באַצאָלן קבורה געלט און נאָך מיט אַ סמיטשיק! (געוויין פון דער בייבי) אָט האָסטו דיר ווידער די בייבי. (ער גייט אַרויס. דער לענדלאָרד פאַרבלייבט אַזוי ווילע אין דער זעלבער פּאָזיציע. ער שטעלט זיך מיט צרות אויף. קוקט אַף די פינגער, טאַפּט דעם שניפּס, קוקט אַף דער וועסטל־קעשענע. לאָזט אַרויס אַ טיפן זיפץ)

(פאָרהאַנג)



# אינהאלט פון בוך:

## סאָוועטישע און בירא בידזשאַנער מאָטיוון



## אַרבעט פאַר אַקטיאָרן



